PRINTED IN ARGENTINE

**Stefan Zweig**

# EL CANDELABRO ENTERRADO

Traducción autorizada: **Ch. Brakarz**

Editor: **J. Ghirsfeld**

BUENOS AIRES 1942

Talleres Gráficos "Cultura" - Sarmiento 2157 - Buenos Aires

סטעפאַן צווייג

# די באַגראָבענע מנורה

אויטאָריזירטע איבערזעצונג
חיים בראַקאַזש

פאַרלאַג יוסף גירשפעלד
בוענאָס איירעס
1942

„די באגראָבענע מנורה" איז נאָך דער דראמאטישער דיכטונג „ירמיהו" דאָס צווייטע גרויסע ווערק פון סטעפאַן צווייג, וואָס איז געבויט אויף יידישן שטאָף. און עס איז אפשר מער ווי ריינער צופאַל, וואָס די דאָזיקע צוויי ווערק, אין וועלכע דער גרויסער מייסטער דריקט אויס זיינע אידעען דורך סימבאָלן און רמזים, זענען איינגעהילט אין א יידישן לבוש: סימבאָלן — חדות און משלים זענען טיף איינגעטימלעך דעם יידישן גייסט, און דער דיכטער סטעפאַן צווייג, ביי וועלכן פאָרעם און אינהאַלט שטייען אויף א גלייך הויכער מדרגה, האָט אזוי ארום לייכט געקאָנט ארייגיסן אל-מענטשלעכן אינהאלט אין יידישער פאָרעם.

נאָך באווייזט דאָס, אז סטעפאַן צווייג — דער גרויסער אייראָפּעער, דער וועלט-בירגער, דורך דערציאונג און סביבה דערווייטערט פון דעם היינטצייטיקן יידישן פאָלקס-לעבן, איז דאָך טיף אינערלעך, מער ווי מען קאָן אין פלוג מיינען, געווען פארבונדן מיטן יידישן גייסט אין א העכערן זין. אנדערש איז אומדענקבאר דאָס שאפן אזעלכע הויך-מענטשלעכע און טיף-יידישע ווערק ווי „ירמיהו" און „די באגראָבענע מנורה".

דאָס דאַרף באזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן אין א מאָמענט, ווען ביי דעם נאָך פרישן קבר פון טראגיש פארשטאָרבענעם דיכטער לאָזן זיך פון פאר-שידענע זייטן הערן אומגערעכטע און אומבארעכטיקטע יידישע טענות בנוגע זיין יידישער געזינונג.

*

און אפשר איז פארהאן נאָך עפּעס געמיינזאַמס צווישן „ירמיהו" און „דער באגראָבענער מנורה": פונקט ווי „ירמיהו" איז געווען דעם דיכטערס ווייגעשריי און פּראָטעסט געגן דעם וועלט-אומזין פון 1914, אזוי איז אפשר „די באגראָבענע מנורה", געשריבן עטלעכע יאָר פאר דער נייער וועלט-קאטאס-טראָפע, די טיפע פאַראַנונג פון דעם אומפארמיידלעך זיך דערנענטערנדיקן בייז: הייבט זיך דאָך אָן „די באגראָבענע מנורה" מיט דער עמאָציאָנירנדיקער שיל-דערונג, ווי אזוי די וואנדאלן, די בארבארן, באפאלן פלוצלינג און אומגעריכט דעם צענטער פון אַן אלטער איינגעפונדעוועטער ציוויליזאציע, פּלינדערן-אויס און בארויבן ביזן גרונט א שטאָט, וואָס האָט מיט אן אומפארשטענדלעך זאָרג-לאָזער לייכטזיניקייט געלאָזט אָפן טיר און טויער פאר די רויבער...

*

„די באגראָבענע מנורה" איז א סימפאָניע פון טרויער, צווייפל, פאר-צווייפלונג און האָפענונג: שווער איז דאָס געראנגל פון דעם געטלעכן אינמיטן

א בייזער, הארטער וועלט. א סך שווערע וואנדערונגען און ביטערע נסיונות מוזן דורכגיין די פארהערלעכער פון דער מנורה, — דער בילדלעכער אפשיין פון דעם העכערן אומזעבארן ליכט, — און א סך גלגולים מוז דורכמאכן די מנורה אליין, ביז זי דערגרייכט צו איר געהייליקטן פלאץ. נישט איינמאל ווערט זי דורך ברוטאלער געוואלט ארויסגעריסן פון די הענט פון אירע פארערער און אין מיסט געשליידערט; אבער דאך, צום סאמע סוף, בלייבט זי נישט ביי די שטארקע רויבער, נאר ביי די שוואכע בארויבטע; נישט אין רוים, און נישט אין ביזאנץ, נאר אין ירושלים, פונוואנען איר ליכט איז אויפגעגאנגען.

סטעפאן צווייג האט דא דאס אלמענטשלעכע מייסטערהאפט ארייגעגאסן אין יידישער פארעם. אין א פארעם, וואס פארוואנדלט זיך און ווערט אליין אינהאלט: דער יידישער גורל, דער אייביק הארטער, די דורותדיקע ליידן אין א וועלט פון רשעות און אומגערעכטיקייט, און די אייביקע בענקשאפט נאך ליכט און גערעכטיקייט — נאך „תורה און מנורה", איז אין „דער באגראבענער מנורה" אויסגעזונגען מיט אזא דיכטערישער קראפט, אז דאס דאזיקע גרויסע ווערק פארדינט א בכבודיק ארט צווישן די ווערק פון אונזערע גרויסע נאציאנאלע דיכטער.

*

זאל נאך דא דערמאנט ווערן די באזונדערע אויפמערקזאמקייט, וואס סטעפאן צווייג פלעגט שענקען די יידישע איבערזעצונגען פון זיינע ווערק. די דערלויבנישן איבערצוזעצן זיינע ווערק אין יידיש האט דער וועלט-בארימטער דיכטער געגעבן מיט א וווּנדערבארער פריינטלעכקייט און ליבנסווירדיקייט. ער פלעגט טיילמאל אויך אנווייזן דעם איבערזעצער, וועלכע פון זיינע ווערק ער האלט פאר באזונדערס געאייגנט איבערגעזעצט צו ווערן אין יידיש.

„די באגראבענע מנורה" האט סטעפאן צווייג אייגנהענדיק איבערגעגעבן, אין מאנוסקריפט נאך, זיין יידישן איבערזעצער, דעם שרייבער פון די שורות, אין יאר 1936, באמערקנדיק דערביי: „דאס בוך דארף די יידן אינטערעסירן". ליידער, צוליבן מצב פון יידישן פארלאג-וועזן, איז דאס פארעפנטלעכן אין בוך-פארעם די יידישע איבערזעצונג פון „דער באגראבענער מנורה" ערשט מעגלעך געווארן מיט זעקס יאר שפעטער, און — א טרויעריקער גורל! — גראד דרייסיק טעג נאכן טראגישן טויט פון דיכטער.

זאל זשע אט די איבערזעצונג פון „דער באגראבענער מנורה", וואס איז בעמאבט געווארן מיט פיעטעט און ליבשאפט, זיין א באשיידענער בלומענקראנץ אויפן פרישן קבר פון דעם גרויסן מייסטער.

בוענאס איירעס, מערץ 1942.

דער איבערזעצער.

*

אין א העלן יוני־טאָג פון יאָר 455 האָט אין צירקוס מאקסימוס פון רוים גראָד זיך געהאט פארענדיקט א בלוטיקער קאמף פון צוויי ריזנהאפטיקע הערולער געגן א מחנה הירקאנישע חזירים, ווי מיטאמאל. אין דער דריטער שעה פון נאָכמיטאָג, האָט זיך צווישן די טויזנטער צוקוקער אָנגעהויבן צו פארשפרייטן א וואקסנדיקע אומרואיקייט. צוערשט איז עס די גאָר נאָענטע שכנים קשה געוואָרן, וואָס אין דער אָפּגעזונדערטער, מיט טעפּיכער און סטאטועס רייך באפוצטער טריבונע, ווּ דער קיסר מאקסימוס איז געזעסן ארומגערינגלט פון זיינע הויפלייט, איז אריינגעטרעטן א שליח, א באדעקטער מיט שטויב און קענטיק נאָר וואָס אראָפּגעשפּרונגען פון צעהיצטן רייטפערד; און ווי נאָר ער האָט דעם קיסר איבערגעגעבן די געבראכטע ידיעה, האָט זיך יענער, אין סתירה צו אלע זיטן, געגעבן א הויב־אויף אינמיטן דעם צעהיצטן שפּיל; מיט דער זעלבער מאָדנער איילעניש זענען אים נאָך אלע הויפלייט און באלד זענען אויך ליידיק געוואָרן די פּלעצער פון די סענאטאָרן און אנדערע הויכגעשטעלטע לייט. אזא מין האסטיק אוועקגיין האָט נישט געקאָנט זיין אָן א וואָגיקער סבה. אומזיסט שוין האָבן שארפע פאנפארן ווידער אָנגעזאָגט א נייעם חיות־קאמף און פון דער געעפנטער שטייג איז מיט א פארשטיקט געבריל ארויסגעיאָגט געוואָרן א שווארצהאָריקער נומידישער לייב אנטקייגן די קורצע מעסערס פון די גלאדיאטאָרן — די פינסטערע כוואליע פון אומרו, איבערשוימט מיט בלאסע און צעשראָקענע פנימער, האָט זיך שוין

געהאט אויפגעהויבן און אָן אָן אָפּהאַלט זיך געטראָגן פון רייע צו רייע. מען איז אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, מען האָט געטייטלט מיט די פינגער אויף די ליידיק געבליבענע פּלעצער פון די הויכ־געשטעלטע לייט, מען האָט געפרעגט און געליאַרעמט און געשריגן און געפּיפן; און מיטאמאָל האָט זיך פונאנדערגעטראָגן, קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער עס האָט דאָס צוערשט ארויסגערעדט, די פּאַנישע ידיעה, אַז די וואַנדאַלן, די דאָזיקע שרעק־אָניאָגנדיקע פּיראַטן פון מיטללענדישן ים, זענען אָנגעקומען אין פּאָרטוס מיט אַ מעכטיקן פלאָט און זיי געפינען זיך שוין אויפן וועג צו דער זאָרגלאָזער שטאָט. די וואַנדאַלן! צוערשט איז דאָס וואָרט בלויז ווי אַ שוואַך געפּליסטער דורכגעלאָפן פון מויל צו מויל, דערנאָך איז עס פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען אין אַ שאַרף געשריי „די באַר־באַרן, די באַרבאַרן!” מיט הונדערטער שטימען, מיט טויזנטער שטימען אָפּהילכנדיק אין דעם שטיינערן באַשטאַפּלטן עיגול פון צירק, און באַלד האָט זיך די ריזיקע מענטשנמאַסע, ווי פון אַ שטורעמווינט געטריבן, אַ ריס געטון אין ווילדער פּאַניק צום ארויס־גאַנג. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן יעדער סימן פון אָרדנונג. די גוואַרדיסטן, די וואַכסאָלדאַטן האָבן פאַרלאָזט זייערע פּלעצער און זענען אַנטלאָפן צוזאַמען מיט אַלע; מען איז געשפּרונגען איבער זיצפּלעצער און מיט פויסטן און שווערדן זיך געמאַכט אַ וועג, מען האָט געטרעטן איבער קוויטשענדיקע פרויען און קינדער, ביי די ארויסגענג האָט זיך געשאַפן אַ געווירבל פון אַ צוזאַמענגעפּלאָנ־טערטער מאַסע. נאָך עטלעכע מינוט איז דער גרויסער צירק, וואָס האָט ערשט געהאַט צוזאַמענגעפּרעסט אכציק טויזנט מענטשן אין אַ שוואַרצער ליאַרמענדיקער קנויל, געוואָרן אינגאַנצן אָפּגערייניקט. מאַרמאָרן און שטום און ליידיק, ווי אַ פאַרלאָזענע שטיינברעכעריי איז אַצינד געבליבן ליגן דער באַשטאַפּלטער אָוואַל אונטער דער זומערדיקער זון. בלויז אונטן אין דער אַרענע איז געשטאַנען — די גלאַדיאַטאָרן זענען שוין לאַנג, פּונקט ווי אַנדערע, געהאַט אַנט־לאָפן, — דער פאַרגעסענער לייב, טרייסלענדיק מיט דער שוואַרצער

גריוועט און ארויספאָדערנדיק געברילט אין דער פלוצלינגער ליידי־
קייט אריין.

עס זענען טאקע געוועזן די וואנדאלן. שליח נאָך שליח איז
געקומען צו לויפן און יעדע נייע ידיעה איז געווען ערגער פאר
דער פריערדיקער. מיט הונדערטער זעגלשיפן און רודערשיפן זענען
זיי אָנגעקומען, א פלינק, באוועגלעך פאָלק; שוין זענען די וויים־
באמענטלטע בערבערישע און נומידישע רייטער אויף די פלינקע,
לאנגהאלזיקע אָגערם געפלויגן פייל פון בויגן איבער דעם פאָרטוענ־
זישן וועג פאָראויס פאר דער אייגנטלעכער ארמיי; מאָרגן, איבער־
מאָרגן מוזן שוין די רויבער־מהנות שטיין פאר די טויערן און קיין
זאך איז נישט געווען צוגעגרייט צו פארטיידיקונג. די געדונגענע
ארמיי האָט מלחמה געפירט ערגעץ־ווו ווייט ביי ראַווענאַ, די באַ־
פעסטיקונגסמויערן זענען, זינט אַלאַריך האָט די שטאָט צעשטערט,
געלעגן אין חורבות. קיינער האָט גאָרנישט געטראכט וועגן פאר־
טיידיקונג. די רייכע און אָנגעזעענע האָבן אין איילעניש געגרייט
די מוילאייזלען און וועגענער, כדי צוזאמען מיטן לעבן מינדסטנס א
טייל פון זייער פארמעגן צו ראטעווען. אָבער עס איז שוין געווען
צו שפּעט. וואָרום דאָס פאָלק האָט נישט געוואָלט ליידן, אז אין
דער גליקלעכער צייט זאָלן די אָנגעזעענע לייט זיי דריקן און בשעת
אן אומגליק זאָלן זיי זיי פחדנותדיק פארלאָזן. און בעת מאקסימוס,
דער קיסר, האָט צוזאמען מיט זיינע באגלייטער געוואָלט אנטלויפן
פון פאלאץ, האָבן צוערשט אָנגעהויבן אויף אים פליען קללות און
דערנאָך שטיינער; צום סוף איז דער פארביטערטער המון באפאלן
זיין פחדנישן קיסר און אים דערהרגעט מיט דרעננער און העק
אינמיטן גאס. מען האָט דערנאָך וואָס אן אמת, פונקט ווי יעדן
אָוונט צוגעשלאָסן די טויערן, איז אָבער דורכדעם דער פחד גע־
בליבן אין דער שטאָט פארשלאָסן; שווער דריקנדיק, ווי א פוילער,
זומפּיקער טשאד איז דאָס פאָרגעפיל פון שרעקענישן געלעגן
איבער די פארשטומטע, חושכדיקע הייזער, און ווי א דערשטיקנ־

דיקער צודעק האט זיך די פינסטערניש אויסגעשפרייט איבער דער פארלוירענער שטאט, וואס איז אויסגעגאנגען פאר גרויל און שרעק; זארגלאז אבער און לייכט האבן אראפגעלויכטן פון אויבן די תמיד גלייכגילטיקע שטערן און אויף דער הימלישער לאזור־וואנט האט, ווי יעדע נאכט די לבנה אויפגעהאנגען איר זילבער־נעם הארן. שלאפלאז און מיט ציטערנדיקע נערוון איז רוים געלעגן און געווארט אויף די בארבארן, ווי א פארמשפטער, וואס האלט שוין דעם קאפ אויפן קלאץ, גרייט צום אומפארמיידלעכן און שוין פארמאסטענעם קלאפ.

פאמעלעך, זיכער, פלאנמעסיק און זיגעריש האבן דערווייל די וואנדאלן געצויגן איבער דעם ליידיקן רוימישן וועג פון האפן. גוט געארדנט האבן מארשירט די בלאנדע, לאנגהאריקע, גערמא־נישע קריגער, מאה נאך מאה, אין א גוט אויסגעלערנטן מיליטע־רישן שריט, און זיי פאראוים אין א האסטיקן, שווינדלדיקן לויף, אן זאטלהאלטערס, זענען געריטן די הילפספעלקער פון דער מדבר, די שווארצהויטיקע און פעכהאריקע נומידער, אונטעריאגנדיק זייערע שיינע פולבלוטיקע פערד. אינמיטן דעם צוג איז געריטן גענזעריך, דער קעניג פון די וואנדאלן. מיט א נאכלעסיקער צו־פרידנהייט האט ער פון זאטל ארוים געשמייכלט אויף זיין מאר־שירנדיקער מחנה. דער אלטער דערפארענער קריגער האט שוין לאנג געוווסט דורך אויסקוקער, אז פאר אן ערנסטן ווידערשטאנד איז נישטא וואס מורא צו האבן, און אז דאס מאל דארף מען זיך נישט גרייטן צו קיין אנטשיידנדיקער פעלדשלאכט, נאר צו אן אומגעפערלעכן רויבצוג. און באמת: עס האט זיך נישט געוויזן קיין איין פיינטלעכער קריגער. ערשט ביי דער פארטא פארטוענ־סיס, ווו דער שיין אויסגעגלייכטער האפנוועג דערגרייכט שוין צום אינערלעכן שטאט־פערטל פון רוים, איז דעם קעניג אנטקעגנ־געקומען דער פויבסט לעא, באצירט מיט אלע זיינע ערנאפצייכ־נונגען און פייערלעך ארומגערינגלט פון דער גאנצער כלי־קודש־

חברותא; פויבסט לעאָ, דער זעלבער ווייסבערדיקער זקן, וואָס האָט ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף אזא רומפולן אופן באַוויזן דעם שרעקלעכן אטילא צו פארלאָזן רוים און דער געצנדינערישער הון האָט דעמאָלט מיט אזא אומבאגרייפלעכער הכנעה דערפילט זיין בקשה. אויך גענזעריך איז באלד אראָפּ פון פערד, ווי נאָר ער האָט דערזעען דעם מאיעסטעטישן זקן מיט דער ווייסער באָרד און הינקענדיק (דער רעכטער פוס איז ביי אים געווען א קורצער) אים העפלעך אנטקייגנגעגאנגען. אָבער נישט ער האָט געקושט די האנט מיט דעם פישער־רינג און נישט ער האָט פרום אנידערגעקניט. ווייל ווי אן אריאנישער אפיקורס האָט ער דעם פויבסט געהאלטן בלויז פאר אן אוזורפאטאָר פון דער אמתער קריסטלעכקייט; און די פייערלעכע לאטיינישע בקשה־רעדע פון פויבסט, ער זאָל דאָך שוינען די הייליקע שטאָט, האָט ער אויפגענומען מיט קאלטער גאוה. ניין, נישט זאָרגן זיך, האָט ער דורך זיין דאָלמעטשער געלאָזט ענטפערן, זאָל מען נישט מיינען, אז ער וועט באגיין אוממענטשלעכע טאטן, ער איז אליין א קריגסמאן און א קריסט. ער וועט רוים נישט פארברענען מיט פייער און נישט צעשטערן, הגם די דאָזיקע הערשגיריקע שטאָט האָט טויזנטער שטעט חרוב געמאכט און מיט דער ערד אויסגעגלייכט. ער וועט אין זיין גרויסמוטיקייט שוינען דאָס קירכנפארמעגן, ווי אויך די פרויען און בלויז „sine ferro et igne" נעמען דאָס מלחמה־רויב לויטן רעכט פון שטארקערן און פונם זיגער. אָבער אצינד ראט ער — און דאָס האָט גענזעריך געזאָגט דראָענדיק, בעת זיין שטאלמייסטער האָט אים שוין צוגעהאָלפן צוריק ארייננצוטרעטן אין זאָטלהאלטער — מען זאָל פאר אים אָן א שום ווייטערן אָפּהאלט עפענען די טויערן פון רוים.

עס איז געשעען אזוי, ווי גענזעריך האָט געפאָדערט. קיין שפּיז האָט זיך נישט געהויבן, קיין שווערד איז נישט ארויסגעצויגן געוואָרן פון שייד. אין א שעה ארום האָט גאנץ רוים געהערט

צו די וואנדאלן. אָבער נישט ווי אַן אומגעצוימטע האָרדע האָט זיך די זיגערישע פיראטן־מחנה פונאנדערגעגאָסן איבער דער שוצלאָזער שטאָט. אין געשלאָסענע רייען, געצוימט פון געניזעריכס אייזערנער, געביטערישער האנט, האָבן זיי ארייננמארשירט, די הויכע און פעסטע פלאקס־בלאָנדע קריגער, דורך דער וויא טריאומפאלים, און בלויז טיילמאָל מיט נייגיריקע בליקן געגלאָצט אויף די טויזנטער און טויזנטער ווייסאויגיקע סטאטועז, וועלכע האָבן אויסגעזעען, ווי זיי וואָלטן מיט זייערע שטומע ליפּן צוגע־זאָגט מלחמה־רויב. גענזעריך אליין איז באלד נאָכן ארייננמארש אוועק צום פאלאטיום, דעם קיסרס פארלאָזענע וווינונג. אָבער נישט ער האָט אָנגענומען די אונטערטעניקייט־פארזיכערונגען, וואָס עס האָבן אים בדעה געהאט אויסצודריקן די סענאטאָרן, וועלכע האָבן געווארט אין א צעשראָקענער רייע, נישט ער האָט געהייסן צוגרייטן א פייערלעך מאָלצייט; קוים א בליק האָט ער געוואָרפן אויף די מתנות, מיט וועלכע די רייכע בירגער האָבן געהאָפט צו מילדערן זיין שטרענגקייט. נאָר באלד האָט דער הארטער סאָלדאט, איבער א קארטע געבויגן, אָנגעצייכנט זיין פּלאן פון א שנעלער און גלייכצייטיק גרינטלעכער אויספּלינדערונג פון דער שטאָט. יעדער באצירק איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן צו א באשטימטער זעלנער־מאה און יעדער פון די אָנפירער איז פאר־אנטוואָרטלעך געווען פאר דער דיסציפּלין פון זיינע מענטשן. וואָרום דאָס, וואָס האָט זיך אצינד אָנגעהויבן, איז נישט געווען קיין ווילד און כאאָטיש רויבן, נאָר א קאלט אויסגערעכנטע און מעטאָדישע גזלה. קודם כל זענען אויף גענזעריכס באפעל געשלאָסן געוואָרן די טויערן און באזעצט מיט וואכלייט, כדי עס זאָל אים פון דער ריזעדיקער שטאָט נישט געמינערט ווערן אפילו קיין איינציקע בראָשקע אָדער מטבע. דערנאָך האָבן זיינע סאָלדאטן צוגענומען די משא־שיפן, די פורן, די לאסט־חיות און טויזנטער שקלאפן געטריבן צו דער ארבעט, כדי אלע אוצרות, וואָס רוים פארמאָגט, זאָלן וואָס שנעלער קענען איבערגעשיקט ווערן אין דער

אפריקאנישער רויב־נעסט. אצינד ערשט האָט זיך אָנגעהויבן, פלאנמעסיק און מיט קאלטער, שטילער זאכלעכקייט, דאָס אויס־רויבן. געלאסן און קונציק, ווי א קצב צעשניידט אויף שטיקער א געשאָכטענע חיה, איז אין משך פון דרייצן טעג די לעבעדיקע שטאָט צעטרייבערט געוואָרן און מען האָט פון איר בלויז שטיל זיך צאפלענדיק לייב געריסן שטיק נאָך שטיק. פון הויז צו הויז, פון טעמפל צו טעמפל זענען געגאנגען די איינצלנע מיליטערישע אָפטיילונגען, געפירט דורך איינעם פון די וואנדאלישע מיוחסים און באגלייט פון א שרייבער, און שטיק נאָך שטיק צוגענומען אלץ, וואָס איז געווען ווערטפול און באוועגלעך; די גאָלדענע און זיל־בערנע כלים, די אָרעמבענדער, די מטבעות, די איידלשטיינער, די אַמבראַ־קייטעלעך פון די צפון־לענדער, די פעלצן פון טראנסילוואַ־ניען, דעם פאָנטישן מאַלאַכיט און די פערסישע שווערדן. זיי האָבן געצווונגען די בעלי־מלאכות פאָרזיכטיק און גאנצערהייט אראָפּ־צונעמען די מאזאאיק פון די ווענט פון טעמפל און די פאָרפירענע שטיינפלאטן אראָפּצורייסן פון די זיילנגאלעריעס. אלץ איז געטון געוואָרן מיט ישוב הדעת, געשיקט און געניי. די מעטאלענע גע־שפאנען פון דעם טריאומפבויגן האָבן די בעלי־מלאכות ארונטער־געצויגן דורך ווינדעס, כדי זיי נישט צו באשעדיקן, און דורך שקלאפן האָט מען ציגל נאָך ציגל געלאָזט אראָפּרייסן דעם באַ־גילדטן טעמפל־דאך פון יופיטער קאפיטאָלינוס, נאָכדעם ווי מען האָט די געביידע אינעווייניק אויסגערויבט. בלויז די מעטאלענע זיילן, וואָס זענען צו גרויס געווען, מען זאָל זיי אין איילעניש קענען פארלאָדן, האָט געזנעריך געהייסן צעקלאפן מיט האמערס אָדער צעזעגן, כדי דאָס מעטאל צו געווינען. גאס נאָך גאס, הויז נאָך הויז איז געוואָרן זאָרגפעלטיק אויסגערוימט און ווי נאָר זיי האָבן די ווינונגען פון די לעבעדיקע געהאט אינגאנצן אויסגעליידיקט, האָבן זיי אויפגעריסן די טומולי, די קברים פון די טויטע. פון די שטיינערנע סארקאפאגן האָבן זיי ארויסגעריסן די מיט איידל־שטיינער באצירטע קעם פון די טויטע האָר ביי די פארשטאָרבענע

פירשטינס און אראָפּגענומען די גאָלדענע בראָשן פון די פּליישלאָזע גופים, זיי האָבן צוגערויבט די מעטאַלענע שפּיגלען און די זיגל־רינגען ביי די מתים און אפילו דעם אַבאַלום, וועלכן מען גיט מיט די טויטע אין קבר אריין, זיי זאָלן האָבן צו באַצאָלן דעם שיפער פאַרן איבערפירן אין אנדערן קעניגרייך. האָבן זייערע גיריקע הענט אויך צוגעגנבעט. דעם גאַנצן רויב, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן דורך די דאָזיקע אלע איינצלנע גזלות, האָט מען דערנאָך אין באַזונדערע הויפנס צוזאַמענגעטראָגן אויף א פּאַראַויס באַ־שטימטן פּלאַץ. דאָ איז געלעגן די ניקע מיט די גאָלדענע פליגל נעבן דעם מיט איידלשטיינער באַצירטן ארון, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די ביינער פון א הייליקן, און באַלד דערנעבן די שפּיל־שטיינער פון א מיוחסדיקער דאַמע. זילבערנע שטאַנגען האָבן זיך געוואַלגערט נעבן פּורפּור־קליידער, טייער גלאָז נעבן פּראָסטן מעטאַל. יעדעם שטיק האָט דער שרייבער פאַרצייכנט מיט אוים־געבויגענע גאָטישע אותיות אויף א לאַנג שטיק פּאַרמעט, כדי צו־צוגעבן דער דאָזיקער גזלה א שטיקל פּנים פון רעכטלעכקייט; גענזעריך אליין מיט זיין סוויטע האָט ארומגעהינקען צווישן דעם דאָזיקן מישמאַש. ער האָט מיטן שטעקן אָנגערירט די זאַכן, באַ־טראַכט דאָס צירונג, געשמייכלט און געלויבט. מיט גרויס הנאה האָט ער צוגעקוקט, ווי וואָגן נאָך וואָגן און שיפל נאָך שיפל פאַר־לאָזן הויך־באַלאָדענע די שטאָט. אָבער קיין שום הויז האָט נישט געברענט, קיין טראָפּן בלוט איז נישט פאַרגאָסן געוואָרן. רואיק און מיט א סדר, אזוי ווי עס הויבן זיך ארויף און לאָזן זיך אראָפּ די ארויספיר־וועגעלעך אין א גרובן, איינס ליידיק, דאָס אנדערע אָנגעפולט, אזוי האָבן דרייצן טעג לאַנג געוואַנדערט די שורות פורן פון האַפן צום ים און פון ים צום האַפן. פולגעלאָדענע האָבן זיי געוואַנדערט אראָפּ צום ים, ליידיק זענען זיי געקומען צוריק, אזוי אז די אָקסן און מוילאייזלען האָבן שוין געסאַפּעט אונטער דער משא. וואָרום ווילאַנג מענטשן געדענקען, האָט מען נאָך

קיינמאָל אין משך פון דרייצן טעג נישט אוועקגענומען אזוי פיל מלחמה־רויב, ווי ביי דער דאָזיקער וואנדאלישער גזלה.

דרייצן טעג לאנג האָט מען אין דער פילבאפעלקערטער שטאָט נישט געהערט קיין מענטשלעך קול. קיינער האָט נישט הויך גע־רעדט. קיינער האָט נישט געלאכט. עס איז אנטשוויגן געוואָרן די סטרונעס־מוזיק אין די הייזער און אין די קירכעס האָט זיך נישט געהערט קיין געזאנג. בלויז דאָס האמערן האָט מען געהערט, דורך וועלכן מען האָט אוועקגעריסן צוגעפעסטיקטע זאכן פון זייער אָרט, דאָס קנאקעריי פון פאלנדיקע קוואדערשטיינער, דאָס סקריפען פון די איבערגעלאָדנטע וועגענער און דאָס פארשטיקטע מרוקען פון די פארמאטערטע לאסט־חיות. אויף וועלכע עס איז כסדר געפאלן די בייטש פון פייניקער. טיילמאָל האָבן געיאָמערט די הינט, וועלכע מען האָט צוליב דער אייגענער שרעק פארגעסן צו געבן שפייז, טיילמאָל האָט אין דער פינסטערניש שארף אָפּגעקלונגען דער טראמפּייט איבער די וואלן, ווען די וואכן האָבן זיך געביטן. די מענטשן גופא אָבער אין די הייזער האָבן פארהאלטן דעם אָטעם און געשוויגן. א נידערשלאָגענע איז געלעגן די שטאָט, די זיגערין פון דער וועלט. און ווען דער ווינט פלעגט אין די נעכט זיך פאר־ביטראָגן דורך די ליידיקע גאסן, האָט עס אָפּגעקלונגען, ווי א שטיל קרעכצן פון א פארוווּנדעטן, וואָס פילט, ווי דאָס לעצטע ביסל בלוט פליסט ארויס פון זיינע אָדערן.

* *
*

אין יענעם דרייצנטן אָוונט פון דער אויספּלינדערונג זענען אויפן לינקן ברעג פון טיבער, דאָרט, ווו דער געלער טייך־שטראָם בויגט זיך אוים פויל, ווי אן איבערגעפרעסענע שלאנג, געזעסן די יידן פון דער רוימישער קהלה פארזאמלט אין הויז פון משה בן אבטליון. ער האָט נישט געהערט צו די חשובים אין דער קהלה

און איז נישט געווען קיין בן תורה, נאָר אַן אַלטער פֿאַרהאָרעוועטער בעל מלאכה, אָבער מען האָט אויסגעוויילט זיין הויז צום צוזאַמענקום, ווייל זיין ווערקשטעל איז געווען גערוימער, איידער די אַנדערע ענגע, ווינקלדיקע שטובן. זינט דרייצן טעג זענען זיי אַזוי יעדן טאָג געזעסן אַלע צוזאַמען מיט אַש־גרויע פֿאַרמאַטערטע פּנימער, אָנגעטון אין זייערע תכריכים און מתפּלל געווען אין שאָטן פֿון די פֿאַרמאַכטע לאָדנס צווישן די צעהאַנגענע שטיקער לייוונט, געווייסטע טיכער און ברייטע דייזשעס מיט אַ נידערשלאָגענער און כמעט שוין באַטויבטער געדולדיקייט. ביז אַצינד האָבן זיי וואָס אַן אמת קיין שום בײַז נישט געהאַט געליטן פֿון די וואַנדאַלן. צוויי אָדער דריי מאָל זענען זייערע מחנות, באַגלייט פֿון אַדללייט און שרייבערס, דורכגעגאַנגען איבער דער נידעריקער, שמאָלער יידנגאַס, ווו די פּייכטקייט פֿון די פֿילמאָליקע פֿאַרפֿלייצונגען האָט זיך ווי שוואָם פֿאַרקליבן אין די שטיינערנע פּליטן פֿון די הייזער און ווי קאַלטע טרערן אַראָפּגערונען פֿון די אַלטע ווענט. איין פֿאַרעכטלעכער בליק איז גענוג געווען פֿאַר די געניטע רויבער, כדי צו דערקענען, אַז ביי דער דאָזיקער אָרימקייט איז נישטאָ, וואָס צו רויבן. דאָ האָבן נישט געשימערט קיין פֿעריסטילן, באַצירטע מיט מאַרמאָר־טאָוולען, קיין גאָלד־פֿינקלענדיקע טריקליניעס, דאָ זענען נישט געווען באַהאַלטן קיין בראָנזענע סטאַטועס און וואַזעס. זענען די רויב־מחנות גלייכגילטיק פֿאַרבייגעגאַנגען און די יידן זענען נישט באַדראָט געווען צו צאָלן קאָנטריבוציע און באַרויבט צו ווערן. אָבער פֿונדעסטוועגן זענען די הערצער פֿון די יידן געווען באַשווערט און זיי האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט מיט אַ צעשראָקן פֿאַרגעפֿיל. וואָרום אַן אומגליק אין דער שטאָט, אין דעם לאַנד, ווו זיי וווינען — דאָס האָבן זיי שוין געוווּסט פֿון דור דורות — ווערט לסוף תמיד פֿאַרוואַנדלט אין אַן אומגליק פֿאַר זיי. אין גוטע צייטן האָבן די אומות אָן זיי פֿאַרגעסן און זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. די פֿירשטן האָבן זיך געצירט, געבויט פּאַלאַצן און זיך אַרומגערינגלט מיט פּראַכט און גלאַנץ און דער המון האָט זיך

געוויילט מיט זיינע גראָבע פארגעניגנס פון געיעגן און שפילן. אָבער תמיד, ווען עס פלעגט קומען אן עת צרה, האָט מען אויף יידן ארויפגעוואָרפן די שולד. עס איז שלעכט געווען, ווען אַ פיינט האָט געזיגט, שלעכט, ווען מען האָט אויסגערויבט א שטאָט, שלעכט, אז אַ מגפה אָדער א חולאת איז באפאלן די לענדער. אלדאָס בייז פון דער וועלט, האָבן זיי שוין געוווּסט, איז אומפאר־מיידלעך פארוואנדלט געוואָרן אין א צרה פאר זיי. זיי האָבן שוין אויך געוווּסט פון קדמונים אָן, אז קעגן דעם דאָזיקן גורל זייערן איז נישט פאראן קיין שום תרופה, וואָרום אומעטום און אויף יעדן אָרט זענען זיי געווען אַ מיעוט, אומעטום און אויף יעדן אָרט זענען זיי געווען שוואך און אָן מאכט. זייער איינציק וואפן איז געווען דאָס תפלה טון.

האָבן טאקע די יידן פון רוים מתפלל געווען יעדן אָוונט, ביז שפעט אין דער נאכט, אין די דאָזיקע אלע פינסטערע און סכנות־דיקע טעג פון דעם גערויבעריי. וואָרום וואָס אַנדערש האָט גע־קאָנט טון דער רעכטפארטיקער און אן אומגערעכטער און הארטער וועלט, אין וועלכער דער כח נעמט תמיד די איבערהאנט, ווי אָפּ־קערן זיך פון דער וועלט און זיך צו גאָט ווענדן. אזוי האָט זיך שוין געפירט זינט יאָרן און יאָרן. אָט זענען זיי געקומען פון דרום, אָט פון מזרח און פון מערב, די בלאָנדע, די שווארצע, די פרעמדע פעלקער און אלע מיט דער כונה צו רויבן און ווי נאָר איין מחנה האָט געזיגט, איז באלד אן אנדערע אָנגעפאלן. אומעטום אויף דער ערד פירן מלחמות די גאָטלאָזע און לאָזן דעם פרומען נישט רוען. אזוי האָבן זיי ירושלים איינגענומען, אזוי בבל און אלכסנדריה און אצינד איז געקומען די צייט אויף רוים. דאָרט, ווו מען האָט גע־מיינט צו האָבן מנוחה, איז געווען מהומה, ווו מען האָט געזוכט שלום, איז געקומען מלחמה; מען האָט פון דעם גורל נישט געקאָנט אנטרונען ווערן. בלויז אין די תפלות האָט מען אויף דער דאָזיקער פארווירטער וועלט געקאָנט געפינען אנטרינונג, רו און טרייסט.

וואָרום ווונדערבאַר איז די תפלה. זי שטילט איין דעם פחד מיט גרויסן בטחון, זי שלעפערט איין די שרעקענישן פון דער נשמה מיט דעם ניגון פון געבעט. זי הויבט אויף דאָס שברת הלב צו גאָט אויף אירע מורמלענדיקע פליגלען; עס איז דעריבער גוט תפלה צו טון אין דער נויט און נאָך בעסער איז צוזאַמען צו בעטן, וואָרום יעדע משא ווערט לייכטער, אויב מען טראָגט זי צוזאַמען און יעדעם גוטע ווערט בעסער אין גאָטס אויגן, ווען עס ווערט געטון בצבור.

זענען טאַקע די יידן פון דער רוימישער קהלה געזעסן צוזאַ-מען און מתפלל געווען. דאָס פרומע געמורמל איז געפלאָסן פון זייערע ליפּן שטיל און אומאויפהערלעך, ווי דאָס פליעסקען פאַר די פענסטער פון דעם טיבער-שטראָם, וועלכער האָט שטיל און גע-דולדיק געשייערט די ברעטער פון די וואַשבענק און מיט זיין מילדן לויף אַרומגעשווענקט די ברעגעס. קיינער פון די פאַרזאַמלטע מענער האָט נישט געקוקט אויף דעם אַנדערן און דאָך האָבן זייערע אַלטע מידע פּלייצעס זיך געוויגט צוזאַמען אין טאַקט. בעת זיי האָבן געזונגען און געזאָגט די זעלבע תפלות פון תהלים, וואָס זיי האָבן שוין הונדערטער און טויזנטער מאָל געזאָגט און זייערע אבות פאַר זיי און די אבות פון זייערע אבות. די ליפּן האָבן קוים געוווּסט, אַז זיי זאָגן, די חושים האָבן קוים באַנומען, וואָס זיי פילן; ווי פון אַ פינסטערן פאַרקלעמענדיקן חלום אַרויס איז גע-פלאָסן דאָס דאָזיקע שרעקעדיקע און צעוויי‌טיקטע געמורמל.

פּלוצלינג זענען זיי דערשראָקן אויפגעשפּרונגען, מיט איין ריס האָבן זיך די איינגעבויגענע רוקנס אַ הויב געטון. אינדרויסן האָט זיך דערהערט אַ האַסטיקער קלאַפּ אין דער טיר. און תמיד, עס האָט שוין ביי זיי אין בלוט געשטעקט, פלעגן די יידן אין דער פרעמד דערשראָקן ווערן פון אַלעם פּלוצלינגען. וואָרום, וואָס פאַר אַ גוטס קאָן ברענגען דאָס אויפעפענען אַ טיר אינמיטן דעם נאַכט? דאָס געמורמל איז מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן, ווי מיט אַ שער

צעשניטן; דורך דער אנטשטאַנענער שטילקייט האָט זיך איצט דייטלעכער געלאָזט הערן דאָס גלייכגילטיקע כסדרדיקע פּליעס־קעריי פון טיבער. אלע האָבן זיך איינגעהאָרכט מיט א פארהאַל־טענעם אָטעם. דאַן האָט זיך ווידער דערהערט א קלאַפּ, א האנט האָט אומגעדולדיק געטרייסלט די טיר אינדרויסן. „איך גיי שוין", האָט ווי צו זיך אליין געזאָגט אבטליון און זיך ארויסגעשלייכט פון שטוב. דאָס אָנגעקלעבטע וואקסענע ליכט אויפן טיש האָט זיין פלאַם א בויג געטון דורכן שאַרפן לופטצוג פון דער אויפגעעפנטער טיר; פונקט ווי אינעווייניק ביי די אלע מענטשן די הערצער, האָט דער פלאַם א ציטער געטון פלוצלינג און שטאַרק.

די דערשראָקענע זענען ווידער צו זיך געקומען ערשט דע־מאָלט, ווען זיי האָבן דערקענט דעם ניי־אָנגעקומענעם. הורקנוס בן הלל איז עס געווען, דער שאצמייסטער פון קייסערלעכן אוצר, דער שטאָלץ פון דער קהלה, ווייל ער איז געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט געהאַט א צוטריט אין קייסערלעכן פּאַלאַץ. דורך א באַ־זונדערן חסד פון הויף, איז אים דערלויבט געווען צו ווינען אויף דער אנדערער זייט פון טראַסטעווערע און ער האָט אויך געמעגט טראָגן שיינע פּאַרביקע קליידער. אצינד אָבער איז זיין מאַנטל געווען צעריסן, זיין פּנים פארשמוציקט.

אלע האָבן אים ארומגערינגלט — וואָרום זיי האָבן משער געווען, אז ער ברענגט עפּעס א בשורה, — אומגעדולדיק געוואַרט, ער זאָל וואָס גיכער דערציילן און דאָך שוין פּאַראויס נידערשלאָגן, ווייל זיי האָבן געפילט עפּעס אַן אומגליק אין זיין צעטראָגנקייט.

הורקנוס בן הלל האָט טיף אָפּגעאָטעמט. עס איז קענטיק גע־ווען, אז עפּעס א וואָרט איז אים געבליבן שטעקן אין דער קעל און קאָן נישט ארויסקומען. ענדלעך האָט ער ארויסגעקרעכצט:

„א סוף. זיי האָבן זי. זיי האָבן זי געפונען."

„וואָס געפונען? וועמען געפונען?‟ עס האָט זיך ביי אלעמען ארויסגעריסן, ווי א פארשטיקט געשריי.

„די מנורה, די מנורה. איך האָב זי באהאלטן, ווען די באר־בארן זענען געקומען, אונטער דעם אָפפאל אין דער קיך. איך האָב מיט א כיוון איבערגעלאָזט די אנדערע הייליקייטן אין דער שאצ־קאמער; דעם שלחן מיט דעם לחם הפנים און די זילבערנע טראמ־פייטן און אהרנס שטעקן און די קטורת־געפעסן, וואָרום צופיל צווישן דער דינערשאפט האָבן געוווּסט וועגן אונזערע אוצרות. אז איך זאָל האָבן געקענט אלדינג באהאלטן, נאָר איינס האָב איך גע־וואָלט אָפראטעווען פון די כלים פון בית המקדש, דעם לייכטער פון משהן, דעם לייכטער פון בית שלמה: די מנורה. און אָט האָבן זיי שוין אלדינג געהאט ארויסגערויבט פון דער שאצקאמער, שוין האָט זי אויסגעזעען ליידיק, זיי האָבן שוין מער נישט געזוכט, שוין האָט דאָס הארץ זיך מיר געהאט בארואיקט אין דער זיכער־קייט, אז מיר האָבן לפחות איינס פון די הייליקייטן פאר זיך אָפ־געראטעוועט. אָבער איינער פון די שקלאפן, אויסהויכן זאָל ער זיין נשמה, האָט מיר נאָכגעקוקט, בעת איך האָב די מנורה באהאלטן און ער האָט דאָס אויסגעזאָגט די רויבער, כדי זיך אויסצוקויפן פון קנעכטשאפט. ער האָט זיי אָנגעוויזן דאָס אָרט און זיי האָבן זי אויפגעגראָבן. אצינד איז אוועקגערויבט אלדינג, וואָס איז אמאָל געשטאנען אין קדשי קדשים פון בית שלמה, דער שלחן און די כלים און די שטערנשילד פון כהן גדול און די מנורה. היינט ביי־נאכט, נאָך היינט, וועלן די וואנדאלן אוועקשלעפן די מנורה צו די שיפן!‟

א רגע זענען אלע שטיל געבליבן, דערנאָך האָבן אלעמענס בלאָס געוואָרענע ליפן ארויסגעפלאצט מיט קולי קולות.

„די מנורה... ווייַ, ווידעראמאָל... די מנורה... גאָטס מנורה... ווייַ, ווייַ... די מנורה!‟

די יידן האָבן צעטומלטע זיך געוואַקלט, ווי באַטרונקענע, זיי האָבן זיך מיט די פויסטן געשלאָגן אין דער אייגענער ברוסט, מיט ווייגעשרייען זיך געהאַלטן ביי די לענדן, ווי עס וואָלט זיי געברענט א גרויסער ווייטיק; די אַלטע מיושבדיקע לייט האָבן ווילד געצאַפּלט, ווי פּלוצלינג געבלענדטע.

„שטיל“, האָט פּלוצלינג באַפוילן א שטאַרקע שטים און אַלץ איז מיטאַמאָל פאַרשטומט געוואָרן. וואָרום עס איז געווען דער ראש פון דער קהלה, דער עלטסטער, דער קליגסטער, וואָס האָט זיי באַפוילן צו שווייגן, דער גרויסער תלמיד חכם, רבי אליעזר, וועלכן מען האָט גערופן קב ונקי. אכציק יאָר כמעט איז ער אַלט געווען און זיין שנייווייסע באָרד האָט אים צוגעגעבן א הדרת פנים. זיין שטערן איז צעאַקערט געווען דורך דעם ווייטיקלעכן אַקעראייזן פון האַרבע מחשבות, אָבער די אויגן אונטער דער געדיכטעניש פון די ברעמען האָבן געפונקלט, ווי שטערן, גיטיק און קלאָר. ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, זי איז געווען שמאָל און געלבלעך גערונצלט, ווי די פּילצאָליקע פּאַרמעטן, וואָס ער האָט באַשריבן; מיט א האַריזאָנטאַלער באַוועגונג האָט ער מיט איר א פאָך געטון אין דער לופט, גלייך ער זאָל וועלן דעם ליאַרם אַוועקשטויסן, ווי א שלעכטן רויך און שאַפן א ריינעם חלל פאַר מיושבדיקע רייד.

„שטיל!“ האָט ער איבערגעחזרט. „קינדער שרייען אין שרעק, מענער באַטראַכטן. זעצט אייך יעדער אַנידער און לאָמיר זיך מיישב זיין. דער גייסט איז באַוועגלעכער, ווען דער גוף רוט“.

פאַרשעמט האָבן די פאַרזאַמלטע זיך אַנידערגעזעצט אויף בענקלעך און בענק. רבי אליעזר האָט שטיל גערעדט פאַר זיך און עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַן עצה געהאַלטן מיט זיך אַליין.

„עס איז אַן אומגליק געשען, א גרויס אומגליק. לאַנג שוין האָט מען זיי אונדז צוגענומען, די הייליקע כלים און קיינער פון

אונז האט זיי נישט געטארט קיינמאל זעען אין קיסרס פאלאץ, חוץ דעם דאזיקן איינעם, הורקנוס בן הלל. אבער דאך, מיר האבן געוווסט, אז זיי זענען פון טיטוסעס צייטן אן באהיטן, אז זיי זענען נאך דא און געפינען זיך נאענט פון אונז. פריינטלעכער האט אונז אויסגעזעען דאס רוימישע גלות, ווען מיר האבן א טראכט געטון, אז די הייליקע זאכן, וואס האבן אין משך פון טויזנט יאר ארומגעוואנדערט, וועלכע זענען אין ירושלים געווען און אין בבל און תמיד צוריקגעקערט אהיים, רוען אצינד, גערויבטע, מיט אונז אין דער זעלבער שטאט. מיר האבן נישט געטארט ארויפלייגן קיין לחם הפנים אויפן הייליקן טיש און דאך, תמיד, ווען מיר פלעגן אנהויבן א ברויט, האבן מיר וועגן דעם דאזיקן טיש געטראכט. מיר האבן נישט געטארט קיין ליכט ארייגשטעלן אין דעם הייליקן לייכטער, אבער תמיד, ווען מיר פלעגן א ליכט אנצינדן, האבן מיר זיך דערמאנט אן דער מנורה, וועלכע שטייט פאריתומט אן ליכט אין דעם פרעמדן הויז. נישט צו אונז האבן שוין געהערט די הייליקע זאכן, אבער מיר האבן געוווסט, אז זיי זענען געזיכערט און אפגעהיטן. און אצינד זאל זיך נאכאמאל אנהויבן די וואנדערונג פון דער מנורה און נישט אין דער היימשטאט, ווי מיר האבן געהאפט, נאר מען שלעפט זי ערגעץ אוועק און ווער ווייסט, וווהין. אבער לאמיר נישט קלאגן. דורך קלאגן אליין וועלן מיר קיין עצה נישט געפינען. לאמיר זיך קודם כל מיישב זיין".

די פארזאמלטע האבן שטילשווייגנדיק זיך איינגעהארכט מיט געבויגענע קעפ. דעם אלטנס האנט האט נאך אלץ געבלאנדזשעט איבער זיין בארד ארויף און אראפ. נאך אלץ, ווי טענהנדיק צו זיך אליין, האט ער ווייטער גערעדט:

„די מנורה איז פון געליטערט גאלד און איך האב אפט נאכגעטראכט, פארוואס האט גאט געוואלט, אונזער געשאנק זאל זיין אזוי קאסטבאר. פארוואס האט ער געפאדערט פון משהן, אז די מנורה זאל זיין שווער אין געוויכט, זאל האבן זיבן רערן און זיין

אויסגעשמידט מיט באַצירונגען, מיט קרענץ און בלומען. אָפּט האָב איך געטראַכט, צי האָט דאָס נישט געשאַפן פאַר איר סכנות, ווייל תמיד קומט פון רייכטום ארוים שלעכטס און קאַפּטבאַרקייטן ציען צו זיך צו רויבער. אָבער איך האָב ווידער איינגעזען, ווי נישטיק עס זענען אונזערע מחשבות, און אַז דאָס, וואָס גאָט באַפעלט, האָט אַ זין, וועלכן אונזער וויסן און אונזער שכל קאָן נישט משיג זיין. וואָרום אַצינד פאַרשטיי איך; דוקא, ווייל זיי זענען געווען קאָסטבאַר, האָבן די דאָזיקע הייליקייטן אונזערע זיך דערהאַלטן דורך אַזוי פיל דורות. וואָלטן זיי געווען פון אַ שלעכטן מעטאַל און פּשוט געמאַכט אָן באַצירונגען, וואָלטן זיי די רויבער געווען צעבראָכן און צעשמאָלצן אויף שווערדן אָדער קייטן. אַזוי אָבער האָבן זיי דאָס ווערטפולע באַהאַלטן און אָפּגעהיטן, ווי ווערטפולע זאַכן, נישט האָבנדיק אפילו קיין אנונג וועגן זייער הייליקייט. אַזוי נעמט זיי איין רויבער אוועק ביי דעם אַנדערן און קיינער וואַגט נישט זיי צו פאַרניכטן און יעדע פון זייערע וואַנדערונגען פירט זיי צוריק צו גאָט.

„אַצינד לאָמיר זיך אַריינטראַכטן. די באַרבאַרן, וואָס ווייסן זיי פון הייליקייטן? בלויז אַז זי' איז פון גאָלד, אונזער מנורה, זעען זיי. ווען מען זאָל קענען זייער גיריקייט רייצן, וואָלטן מיר זיי געגעבן דאָס טאָפּלטע, דאָס דרייפאַכע פון איר געוויכט. אפשר וואָלט אונז געלונגען זי אויסצוקויפן. מיר יידן קענען נישט קעמפן, בלויז אין קרבנות איז אונזער קראַפט. מיר מוזן שליחים שיקן צו אַלע צעשפּרייטע אין יעדן לאַנד, זיי זאָלן העלפן בשותפות אויסלייזן דאָס הייליקע ווערק. דאָס טאָפּלטע און דאָס דרייפאַכע מוזן מיר היינטיקס יאָר געבן אויף תרומת הבית, דאָס מלבוש פון לייב און דעם רינג פון פינגער. מיר מוזן דאָס הייליקע ווערק אָפּקויפן, ווען מיר זאָלן אפילו זיבנפאַך דאַרפן געבן זיין גאָלד־געוויכט“.

אַ זיפץ האָט איבערגעריסן זיינע רייד. הורקנוס בן הלל האָט טרויעריק אויפגעהויבן זיין בליק.

„עס איז אומזיסט. איך האָב עס שוין געפּרוּווט", האָט ער שטיל געזאָגט. „דאָס איז געווען מיין ערשטע מחשבה. איך בין געגאַנגען צו זייערע שאַצמייסטערס און שרייבער, אָבער זיי זענען געווען צו מיר גראָב און הארט. איך האָב מיך צובאַקומען צו געגזעריכן און אים אָנגעבאָטן א הויכע סומע אויסלייזגעלט. ער האָט מיך אויסגעהערט אָן אָנגעכמורעטער און געשאַרט מיטן פּוּם. האָב איך פארלוירן דעם שכל. איך בין צוגעשטאַנען צו אים און אָנגעהויבן רימען די מנורה, אז זי איז אין בית שלמה געווען און טיטוס האָט זי, ווי דאָס הערלעכסטע פון זיין טריאומף אהיימגע־בראַכט פון ירושלים. דאָ האָט דער באַרבאַר ערשט באַגריפן, וואָס ער האָט באַקומען און זיך פרעך צעלאַכט: „איך דאַרף נישט אייער געלד. אַזוי פיל האָב איך דאָ גענומען, אז איך וואָלט געקאָנט די שטאַלן פון מיינע פערד אויספלאַסטערן און מיט איידלשטיינער זיי די קלאָען באַשלאָגן. שטאַמט טאַקע די דאָזיקע מנורה פון שלמהן, איז זי ביי מיר נישט וואָלוול. האָט זי טיטוס געלאָזט טראָגן פאר זיך אין טריאומף פון רוים, זאָל זי פאר מיר געטראָגן ווערן אין טריאומף איבער רוים. האָט זי אייער גאָט געדינט, זאָל זי אצינד דינען דעם אמתן גאָט. גיי!" און דערמיט האָט ער מיך אָפּגעפּטרט!"

„דו האָסט נישט באַדאַרפט גיין!"

„בין איך דען געגאַנגען? איך האָב מיך פאר אים אנידערגע־וואָרפן, איך האָב ארומגענומען זיינע קני. אָבער זיין הארץ איז געווען הארטער, ווי די אייזערנע שינעס פון זיינע שיך. ער האָט מיך אוועקגעשטויסן, ווי א שטיין. און דערנאָך האָבן מיך די קנעכט מיט קלעפּ ארויסגעוואָרפן, איך בין קוים מיטן לעבן ארוים".

אצינד ערשט האָבן זיי פארשטאַנען, פארוואָס הורקנוס בן הללם קליידער זענען געווען צעריסן. אצינד ערשט האָבן זיי באַ־מערקט דעם פארגליווערטן בלוט־שטרייף אויף זיין שלייף. שטיל־שווייגנדיק זענען זיי געבליבן זיצן און אַזוי שטיל איז געווען, אז

מען האָט פונוויטנס געהערט דאָס סקריפּען פון די וועגענער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין ציען דורך דער נאַכט און באַלד אויך די פאַרטויבטע קלאַנגען פון די וואַנדאַלישע שופרות, וואָס האָבן משונהדיק אָפּגעהילכט פון איין עק שטאָט צום אַנדערן. דערנאָך איז פאַרשטומט געוואָרן יעדער קלאַנג. אַלע האָבן געטראַכט דאָס זעלבע: דער גרויסער רויב איז פאַרענדיקט, די מנורה איז פאַרפאַלן!

רבי אליעזר האָט מיט מי אויפגעהויבן דעם בליק. „היינט ביינאַכט, זאָגסטו, פירן זיי זי אַוועק?"

„היינט ביינאַכט. אין אַ וואָגן וועלן זיי זי פירן דורכן פאַר־טוענזישן וועג צו די שיפן און אפשר, בעת מיר זיצן דאָ און רעדן, פירט מען זי שוין אַוועק. די דאָזיקע שופרות רופן צוזאַמען די הינטערשטע הילות. מאָרגן אינדערפרי וועלן זיי זי אויפלאָדן אויף דער שיף".

רבי אליעזר האָט וואָס אַמאָל טיפער געבויגן דעם קאָפּ אי־בערן טיש. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אינמיטן הערן איינ־געשלאָפן. ער איז געווען פאַרטיפט אין רעיונות און האָט נישט געפילט, אַז אַלע ווענדן צו אים באַאומרואיקטע בליקן. מיטאַמאָל אָבער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און רואיק געזאָגט:

„היינט ביינאַכט, זאָגסטו. גוט. אויב אַזוי, מוזן מיר מיטגיין".

אַלע האָבן געשטוינט. אָבער דער זקן האָט איבערגעחזרט געלאַסן און פעסט.

„מיר מוזן מיטגיין. עס איז אונזער חוב. דערמאָנט אייך אָן דער תורהס געבאָט. ווען דער ארון האָט געצויגן, זענען מיר אויפ־געשטאַנען אין וועג אַריין; בלויז ווען ער האָט גערוט, האָבן מיר געמעגט רוען. ווען גאָטס צייכנס וואַנדערן, מוזן מיר וואַנדערן מיט זיי".

„אָבער ווי אזוי זאָלן מיר מיטוואנדערן איבערן ים? מיר האָבן נישט קיין שיפן".

„איז ביז צום ים. עס איז בלויז איין נאכט".

אצינד איז הורקנוס אויפגעשטאנען. „רבי אליעזר האָט, ווי תמיד געגעבן א גוטע עצה. מיר מוזן מיטגיין. עס איז א טייל פון אונזער אייביקן וועג. ווען דער ארון וואנדערט און די מנורה, מוז דאָס פאָלק מיטוואנדערן, די גאנצע עדה".

מיטאמאָל האָט זיך געלאָזט הערן פון א ווינקל ארויס א שוואך אומדרייסט קול. שמחה, דער סטאָלער, איז עס געווען, אן אלטער הויקערדיקער מאן, וועלכער האָט זיך שרעקעוודיק אָנגערופן:

„און אויב זיי וועלן אונז כאפן? הונדערטער האָבן זיי שוין אוועקגעשלעפט אין קנעכטשאפט. זיי וועלן אונז שלאָגן, זיי וועלן אונז טייטן. אונזערע קינדער וועלן זיי פארקויפן און מיר וועלן גאָרנישט געווינען און גאָרנישט אויפטון".

„שווייג!" האָט איינער אָפּגעענטפערט. „און באהאלט דיין מורא. וועט עמעצער פון אונז צוגענומען ווערן, איז פארפאלן. וועט עמעצער שטארבן, וועט ער האָבן געשטאָרבן פאר א הייליקער זאך. אלע מוזן מיר, אלע וועלן מיר גיין".

„יאָ אלע, אלע", האָבן געשריגן צונויפגעמישטע קולות.

אָבער רבי אליעזר האָט געגעבן א צייכן, עס זאָל שטיל ווערן. ער האָט ווידער פארמאכט די אויגן, ווי עס איז געווען זיין טבע, ווען ער האָט געוואָלט וועגן עפּעס נאָכטראכטן. דערנאָך האָט ער ארויסגערעדט:

„שמחה איז גערעכט. זידלט אים נישט, אז ער איז פחדנותדיק און שוואך. ער איז גערעכט. נישט אלע דארפן איינשטעלן זייער

לעבן און זינלאָז זיך ארויסלאָזן צו די רויבער אינמיטן דער נאכט.
וואָרום נישטאָ קיין הייליקערע זאך, ווי דאָס לעבן. גאָט וויל נישט,
אז אפילו איין איינציק נפש זאָל בחנם פארשווענדט ווערן. ער איז
גערעכט. שמחה, זיי וועלן כאפן די קינדער און פאר שקלאפן מאכן
אין זייער שטאָט. דעריבער דארפן די קרעפטיקע מענער און די
קינדער זיך נישט ארויסלאָזן אינמיטן דער נאכט. אָבער עפּעס
אנדערש זענען מיר. מיר זענען אלט און א זקן איז פאר קיינעם
נישט נוצלעך, אפילו נישט פאר זיך אליין. מיר קענען נישט רודערן
אויף די רודערשיפן. מיר פארמאָגן קוים גענוג כח, די ערד אויפ־
צוגראָבן פאר אונזער אייגענעם קבר. און ווען דער טויט זאָל אונז
אפילו צונעמען, וועט ער קיין סך נישט געווינען. אויף אונז איז
מוטל די הייליקע כלים צו באגלייטן. זאָלן דעריבער זיך צונויפ־
זאַמלען און אין וועג ארייַן זיך גרייטן בלויז די, וואָס זענען איבער
זיבעציק יאָר אלט".

פון דעם עולם זענען ארויסגעטרעטן די זקנים, אלע מיט
זילבערווייסע בערד. צען זענען זיי געווען, און ווען רבי אליעזר,
דער קב ונקי, האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן זיי, איז געוואָרן עלף: ווען
די אבות פון פאָלק איז די ייִנגערע געקומען אויפן רעיון, זעענדיק
זיי שטיין, די דאָזיקע לעצטע פון דור, אזוי ערנסט און פייערלעך.
רבי אליעזר איז נאָכאמאָל אָפּגעטרעטן פון זיי און זיך געווענדט
צו דער אנדערער גרופּע:

„מיר וועלן גיין, די אלטע, די זקנים: זאָרגט זיך נישט וועגן
אונזער גורל! אָבער: אויך א קינד מוז מיט אונז גיין, א ייִנגל, כדי
ער זאָל אָן עדות זיין פארן קומענדיקן און נאָכקומענדיקן דור. מיר
וועלן באלד שטארבן, אונזער ליכט איז שוין האלב אויסגעברענט
און בקרוב וועט פארשטומט ווערן אונזער מויל. זאָל אָבער נאָך
בלייבן אויף יאָרן און יאָרן איינער, וואָס האָט מיט אייגענע אויגן
געזען די הייליקע מנורה, כדי עס זאָל פון דור צו דור בלייבן די
זיכערהייט, אז נישט אויף אייביק איז זי פאר אונז פארלוירן, נאָר

אז זי וואנדערט נאָך אלץ איר אייביקן וועג. א קינד, א נישט דער־וואקסן קינד, און ווען אפילו עס וועט דעם זין דערפון נישט בא־גרייפן, מוז עס מיט אונז מיטגיין, כדי אן עדות צו זיין".

אלע האָבן געשוויגן. יעדער האָט מיט שרעק געטראכט וועגן זיין אייגן קינד, וועגן דער מורא עס ארויסצושיקן אינמיטן נאכט אין אזא סכנותדיקן וועג. נאָר אָט האָט אבטליון, דער פארבער, זיך אויפגעהויבן.

„איך גיי און וועל ברענגען בנימינען, מיין אייניקל. זיבן יאָר איז ער ערשט אלט, פונקט אזוי פיל יאָר, וויפל רערן עס געפינען זיך אין דער מנורה און דאָס ווייזט מיר אויס צו זיין א צייכן. דערווייל מאכט אייך גרייט אין וועג אריין, נעמט מיט צום עסן, וואָס איר וועט געפינען אין מיין הויז; איך ברענג דאָס קינד".

די זקנים האָבן זיך אויסגעזעצט ארום טיש, די יינגערע האָבן פאר זיי געבראכט ווייז און שפייז. אָבער איידער זיי האָבן איבער־געבראָכן דאָס ברויט, האָט רבי אליעזר אָנגעהויבן די תפלה, וועלכע זייערע עלטערן און עלטערנס עלטערן אין אלע דורות פלעגן זאָגן דריי מאָל אין טאָג. און דריי מאָל האָבן איצט די זקנים איבערגעחזרט מיט זייערע דינע, געבראָכענע שטימען דעם בענק־שאפטלעכן שפרוך: „בארמהארציקער, באוויליק אין דיין בארמ־הארציקייט צוריקצופירן דיין הערלעכקייט קיין ציון און די עבודה פון קרבנות קיין ירושלים".

* *
*

נאָכדעם ווי זיי האָבן דריי מאָל אָפּגעזאָגט די תפלה, האָבן די זקנים זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין. רואיק און מיט ישוב הדעת, ווי זיי וואָלטן אָפּגעטון א הייליקע עבודה, האָבן זיי אויס־געטון די ווייסע קיטלען, צונויפגעוויקלט און פארבונדן צוזאמען

מיט טלית און תפילין. די יינגערע האָבן דערווייל געבראַכט ברויט און פּירות אויפן וועג און שטאַרקע וואַנדערשטעקנס צום אָנלענען זיך. דאַן האָט יעדער פון די זקנים אָנגעשריבן אויף פּאַרמעט, וואָס עס זאָל געשעען מיט זיין האָב, אין פאַל, אויב ער וועט נישט צוריקקומען, די אַנדערע האָבן זיך אונטערגעחתמעט אַלס עדות.

אין דער צייט האָט אבטליון, דער פאַרבער, זיך געלאָזט גיין איבער די הילצערנע טרעפּ. ער האָט פריער אויסגעטון די שיך, אָבער ווייל ער איז געווען אַ דיקער און שווערער מענטש, האָט דאָס פרוכנע האָלץ געקרעכצט אונטער זיינע טריט. ער האָט פאַר־זיכטיק אויפגעעפנט די טיר פון וווין־חדר, אין וועלכן אַלע צוזאַמען זענען געשלאָפן (וואָרום זיי זענען געווען אָרים), זיין פרוי און זיין זונס פרוי און די טעכטער און די קינדסקינדער. דורכן שפּאַלט פון דעם פאַרמאַכטן לאָדן האָט אַריינגעשימערט אַ קאַרגער אָפּשיין פון דער לבנה, פּייכט און בלוי, ווי אַ נעפּל. און ווי געלאַסן אבטליון איז געגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, האָט ער דאָך באַמערקט, אַז פון די בעטן אַרום זענען אָנגעשטעלט אויף אים אָפענע אויגן און זיין פרוי און זיין זונס פרוי קוקן אים נאָך מיט וואַכע בליקן.

„וואָס איז?" האָט דערשראָקן געמורמלט אַ שטים.

אבטליון האָט נישט געענטפערט, נאָר זיך ווייטער געשלייכט צום לינקן ווינקל, וווּ עס האָט זיך געפונען זיין איידיקל בנימינס געלעגער. ער האָט זיך צערטלעך אָנגעבויגן איבער דעם שטרוי. דאָס יינגל איז געשלאָפן פעסט און טיף, די פויסטן, ווי צאָרניק גע־באַלט איבער דער ברוסט: ווילד און ליידנשאַפטלעך האָט געמוזט זיין חלום זיין. אבטליון האָט אים לייכט אַ גלעט געטון איבער די צעשויבערטע האָר, כדי אים אויפצוּוועקן. דאָס יינגל איז נישט באַלד אויפגעקומען, דאָך האָבן זיינע חושים אונטער דעם שוואַרצן שלייער פון שלאָף געמוזט עפּעס שפּירן פון יענער צערטלעכער באַרירונג, וואָרום די צונויפגעדריקטע פויסטן זענען לויזער גע־וואָרן, די אָנגעצויגענע ליפּן האָבן זיך געעפנט, אומבאַוווּסטערהייט

האָט דאָס קינד געשמייכלט און מילד און ווייך אויסגעשטרעקט
זיינע אָרעמס.

אבטליון האָט דערפילט א שטארקן ווייטיק, וואָס ער מוז דאָס
דאַזיקע אומשולדיקע קינד ארויסרייסן פון אזא זיסן חלום. ער האָט
אָבער דאָך אָנגענומען דעם שלאָפנדיקן און אים געטרייסלט
שטארקער. דאָס קינד האָט זיך אויפגעכאפּט און זיך ארומגעקוקט
מיט א צעשראָקענעם בליק; עס איז געווען א קינד, זיבן יאָר ערשט
אלט, אָבער א יידיש קינד אין גלות און דעריבער געוווינט זיך
איבערצושרעקן פון יעדער אומגעריכטער זאך. אזוי האָט זיך זיין
פאָטער דערשראָקן, ווען מען האָט אינדרויסן א קלאפּ געטון ביי
דער טיר, אזוי פלעגן זיי זיך אלע, די אלטע און קלוגע שרעקן,
ווען מען פלעגט פאַרלייענען אויף דער גאס א נייע פאראָרדנונג,
אזוי האָבן זיי געציטערט, ווען עס איז געשטאָרבן א קיסר און עס
איז געקומען א נייער, וואָרום פאר דער יידנגאס פון טראסטעווערע,
אין וועלכער ער האָט געלעבט זיין קליין לעבן, איז יעדע נייע זאך
געווען פול מיט סכנות. ער האָט נאָך די הייליקע ספרים נישט
געלערנט, אָבער דאָס האָט ער שוין געוווּסט: מורא צו האָבן פאר
אלץ און פאר יעדן אויף דער וועלט.

דאָס קינד האָט אויפגעהויבן א צעטומלטן בליק און אבטליון
האָט אים שנעל פארהאלטן דאָס מויל, ער זאָל נישט א געשריי
טון פאר שרעק. אָבער ווי נאָר דאָס יינגל האָט דערקענט דעם
זיידן, האָט ער זיך באלד בארואיקט. אבטליון האָט זיך איבער
אים אריבערגעבויגן און שטיל איינגערוימט: „נעם דיין מלבוש און
דיינע שיך און קום! אָבער שטיל, אז קיינער זאָל דיך נישט הערן".
דאָס יינגל האָט זיך באלד אויפגעהויבן. ער האָט דערשפירט, אז
עס שטעקט דאָ עפּעס א סוד און ער איז שטאָלץ געווען, וואָס דער
זיידע נעמט אים אויך אריין אין דעם דאַזיקן סוד. נישט פרעגנדיק
מיט א וואָרט אָדער מיט א בליק, האָט ער אויסגעשטרעקט די
האנט נאָכן מלבוש און די שיך.

ווען זיי האָבן זיך שוין געשאַרט צו דער טיר, האָט די מוטער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן און מיט שרעק אַרויסגעשלוכצט: „וווּהין פירסטו דאָס קינד?"

„שווייג", האָט אבטליון שטרענג געענטפערט. „איר דאַרפט נישט פרעגן קיין קשיות".

ער האָט פאַרמאַכט די טיר. די פרויען אין דעם צימער זענען אַצינד מסתמא אַלע וואַך געוואָרן. פון הינטער די דינע הילצערנע ווענט האָט זיך געהערט אַ צעטראָגן רעדן און שלוכצן, און בעת די עלף זקנים זענען צו צום טויער, זיך צו לאָזן אין וועג אַריין, האָט שוין די גאַנצע גאַס געוווּסט פון זייער געפערלעכער נסיעה. גלייך די דאָזיקע אויסטערלישע ידיעה וואָלט זיך דורך די ווענט דורכגעקריגן. פון אַלע הייזער אַרום האָבן זיך געהערט צעשראָקענע זיפצן און קלאָגערייַ. נאָר די אַלטע לייט האָבן נישט אויפגעהויבן דעם בליק און זיך נישט אומגעקוקט. שטילשווייגנדיק און מיט ערנסטער אַנטשלאָסנהייט האָבן זיי אָנגעהויבן זייער וועג. עס איז געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט.

*  *

*

דאָס שטאָטטויער איז צו זייער פאַרווּנדערונג געשטאַנען אָפן און נישט באַוואַכט. עס איז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל זיי פרעגן אָדער שטערן זייער ביינאַכטיקע נסיעה. יענער שופר־רוף, וועלכן זיי האָבן פריער געהערט, האָט צונויפגעזאַמלט די לעצטע וואַנדאַלישע וואַכלייט און די רוימער ווידער, דערשראָקענע פאַרשלאָסן אין זייערע הייזער, האָבן זיך נאָך נישט צוגעגלויבט, אַז דער נסיון האָט זיך שוין געענדיקט. איז דעריבער דער וועג, וואָס פירט צום האַפן, געלעגן אינגאַנצן ליידיק, קיין שום וועגעלע, קיין וואָגן, קיין מענטש, קיין שום לעבעדיק נפש. בלויז די מיילנשטיינער האָבן זיך געווייזט אין דעם ליכט פון דער פאַר־

געפלטער לבנה. אָן שום מניעה זענען די ביינאכטיקע וואנדערער דורכגעגאנגען דאָס אָפענע טויער.

„מיר האָבן שוין פארשפעטיקט", האָט הורקנוס בן הלל אויס־געטייטשט די שטילקייט. „די וועגענער מיטן רויב מוזן שוין אודאי זיין ווייט פאָראויס. אפשר זענען זיי שוין געווען אין וועג. נאָך איידער די שופרות האָבן געבלאָזן. מיר דארפן זיך צואיילן".

אלע האָבן אָנגעהויבן שטעלן גיכע טריט. אין דער ערשטער רייע איז געגאנגען אבטליון מיט א פעסטן שטעקן אין האנט, צו זיין רעכטער זייט רבי אליעזר, וועלכן מען האָט גערופן קב ונקי. צווישן דעם זיבעציק יעריקן און דעם אכציק יעריקן איז אונטער־געשפרונגען מיט זיינע קליינע טריטעלעך, שרעקעוודיק און א ביסל נאָך פארשלאָפן, דאָס זיבניעריקע קינד. הינטער זיי האָבן געוואנדערט, צו דריי אין א שורה, די אנדערע זקנים, דאָס פעקל האלטנדיק אין דער לינקער האנט, דעם שטעקן אין דער רעכטער; מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען זיי געגאנגען, ווי הינטער אן אומ־זעבארן ארון. ארום און ארום האָט געדריקט די שווערקייט פון דער קאמפּאנישער נאכט. קיין דערלייכטערנדיקער לופט־הויך האָט נישט אויפגעהויבן דעם זומפּיקן טשאד, וואָס האָט דיק און שליימיק געשוועבט איבער די פעלדער מיט א ריח פון ערד־פוילעניש; און פון דעם דערשטיקנדיק נידעריקן הימל האָט, ווי מיט א האלב־נעעפנט אויג אראָפּגעבליקט א קראנקע און גרינלעכע לבנה. אומ־היימלעך און געשפּענסטיק איז אין אזא שטיקנדיקער נאכט געווען דאָס גיין אויף סכנות, פארביי די רונדע קברים־בערגלעך, וואָס זענען ווי טויטע חיות אומבאוועגלעך געלעגן ביים וועג, און פארביי די אויסגערויבטע הייזער, וואָס האָבן מיט אויסגעבראָ־כענע פענסטער־אויגן בלינד געגלאָצט אויף די וואנדערנדיקע זקנים, ווי אויף א בייז וואונדער. אָבער דערווייל האָט זיך נישט געוויזן קיין סכנה, דער ליידיקער וועג האָט ווייסלעך געשימערט, ווי א פארפרוירענער טייך אין נעפּל. פון די רויבער איז נאָך נישט געווען

צו זעען קיין שום שפור, בלויז איינמאָל האָט א ברענענדיק רוימיש זומערהויז, וואָס איז געשטאנען ביים וועג, געגעבן צו דערקענען זייער רויבערישן דורכמארש. דער דאַך־באלקן איז שוין געווען איינגעזונקען, נאָר פון אינעווייניק האָט ארויסגעזעצט א קנויליקער רויך, רויטלעך באפארבט פון דער גליענדיקער היץ און בעת די עלף זקנים האָבן אהינגעקוקט, איז זיי אלע געקומען איין מחשבה אויפן זינען: זיי האָבן געהאט דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן געזעען דעם עמוד הענן און דעם עמוד האש, וואָס איז געגאנגען פארן משכן, ווען זייערע עלטער־אבות האָבן נאָך געוואנדערט הינטער דעם ארון, פונקט ווי זיי וואנדערן אצינד הינטער דער געליבטער הייליקער כלי.

גייענדיק צווישן די צוויי אלטע לייט, זיין זיידן אבטליון און רבי אליעזר, האָט דאָס יינגל געסאפעט און זיך אָנגעשטרענגט צו מאכן גרויסע שפרייזן, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק. ער האָט געשוויגן, ווייל אלע האָבן געשוויגן, אָבער א גרויסער פחד האָט אָנגעפולט זיין ברוסט און זיין קליין הערצל האָט אים ביי יעדן שריט שטארק געקלאפט אָן די ריפּן. עס איז אים באפאלן א פחד, א דריקנדיקער און שטילשווייגנדיקער פחד, ווייל ער האָט נישט געוווּסט, פארוואָס די אלטע לייט האָבן אים ביינאכט ארויס־גענומען פון בעט. ער האָט נישט געוווּסט, וווּהין זיי פירן אים, און מער פאר אלץ, ווייל ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעען די נאכט אויפן פרייען פעלד און דעם גרויסן הימל איבער אים. ביז אצינד האָט ער געקענט די נאכט, בלויז פונם ענגן געסל; דאָרט איז זי געווען קליין און שמאָל, קוים א דריי, פיר שטערן האָבן זיך געקאָנט ארײנשטופן אין דעם ענגן שטח צווישן די דעכער. דאָרט האָט מען נישט באדארפט פאר איר מורא האָבן, זי איז געווען פול מיט היימישע קלאנגען. ביז צום שלאָפן גיין האָט מען געהערט דאָס דאווגען פון די מאנספערשוינען, דאָס הוסטן פון די קראנקע, דאָס שארן פון טריט, דאָס געשריי פון קעץ, דאָס גערויש פון

פייער אויף דער קיך; רעכטס איז געשלאָפן די מאמע, אין דער לינקער זייט די שוועסטער. מען איז געווען באהיט און באשיצט פון ווארעמקייט און היימישקייט. מען איז נישט געווען אליין. דאָ אָבער האָט די נאכט מיט איר ווייטער פוסטקייט געלויערט מיט סכנות. קלענער ווי תמיד האָט זיך אצינד דאָס קינד געפילט אונ־טער דעם דאָזיקן פארשלייערטן הויכן געוועלב. און וואָלט ער נישט געהאט נעבן זיך די באשיצנדיקע אלטע לייט, וואָלט ער זיך צעוויינט אָדער געפרווט זיך ערגעץ־ווו צו באהאלטן פאר דעם דאָזיקן ריזעדיקן, וואָס האָט אים געדריקט פון אלע זייטן מיט א שווער שטילשווייגן. אָבער צום גליק האָט נעבן דעם פחד זיך נאָך געפונען אין זיין קליין הערצל אן אָרט פאר א ברענענדיקן און צאפלדיקן שטאָלץ; ווארום שטאָלץ איז דאָס קינד געווען, וואָס די אלטע לייט (אין וועמעס קעגנווארט עס האָט די מוטער אפילו נישט געוואגט צו רעדן און פאר וועלכע די יינגערע פלעגן ציטערן), וואָס די דאָזיקע גרויסע און קלוגע האָבן דוקא אים, דעם קלענסטן, אויסגעקליבן צווישן אלע קינדער. דאָס יינגל האָט נישט געוווסט, צו וואָס און פארוואָס עס האָבן אים די אלטע לייט מיט זיך מיט־גענומען, אָבער ווי קינדיש זיין שכל איז נאָך געווען, האָט אים דאָך דורכגענומען אן אנונג, אז עפּעס א גרויסע זאך מוז שטעקן אין דעם דאָזיקן ביינאכטיקן גאנג. האָט ער דעריבער מיט אלע כחות געוואָלט זיך ארויסווייזן פאר ראוי צו זייער אויסוואל. ער האָט כסדר אויסגעשטרעקט די דינע, קורצע פיסלעך און געמאכט גרויסע טריט. ער האָט מוטיק באצוווּנגען זיין הארץ, ווען עס פלעגט צו שטארק אָנהויבן קלאפּן, ביז צו דער קעל ארויף. אָבער צו לאנג האָט געדויערט דער וועג. דאָס קינד איז שוין געווען מיד און דער פחד איז עס כסדר באפאלן אלעמאָל, ווען די אייגענע שאָטנס פלעגן זיך אין דעם פארנעפלטן לבנה־שיין פלוצלינג אויסציען אי־בערן וועג און דערנאָך ווידער צערונען ווערן און מען האָט גאָר נישט געהערט, חוץ די טריט, די אייגענע טריט אויף די פלאכע און אָפּהילכנדיקע שטיינער. און ווען עס האָט אצינד אומגעריכט

עפּעס זיך אָנגעשטויסן אָן זיין שטערן מיט א שטילן פייף, א פּלע־
דערמויז. וואָס האָט שווארץ־צאַפּלענדיק זיך ווידער אוועקגעטראָגן
אין דער נאכט אריין, האָט דאָס יינגל פּלוצלינג ארויסגעלאָזט א
געשריי און זיך איינגעקלאַמערט אין דעם זיידנס האנט. „זיידע,
זיידע! ווּהין גייען מיר?"

דער אלטער מאן האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט
בלויז הארט און אָנגעכמורעט ארויסגעמרוקעט. „שווייג און גיי!
דו דארפסט גאָרנישט פרעגן".

דאָס יינגל האָט זיך איינגעהויקערט, ווי אונטער א קלאַפּ. ער
האָט זיך געשעמט, וואָס ער האָט די שרעק נישט געקאָנט גובר
זיין. איך האָב נישט באדארפט פרעגן, האָט ער זיך אליין געמוסרט.

אָבער רבי אליעזר, דער קב ונקי, האָט שטרענג אויפגעהויבן
דעם קאָפּ צו אבטליונען און זיך אויף אים אזוי הארט אָנגעבייז־
זערט, ווי דער אלטער פריער אויף דעם צעשראָקענעם קינד.

„שוטה דו, ווי זאָל דאָס קינד אונז נישט פרעגן? ווי זאָל עס
זיך נישט ווּנדערן, וואָס מען רייסט עס ארוים פון־בעט און מען
פירט עס אוועק אינמיטן נאכט. און פארוואָס זאָל טאקע דאָס קינד
נישט וויסן די סבה פון אונזער ארויסלאָזן זיך אין וועג אריין?
האָט ער נישט דורך דער ירושה פון זיין בלוט קיין חלק אין אונ־
זער גורל? וועט ער נישט ווייטער טראָגן אונזער אומענדלעכע פּיין,
אזוי ווי מיר? אונזערע אויגן וועלן שוין לאנג זיין פארלאָשן, בעת
ער וועט ווייטער לעבן און זיין אן עדות פארן נייעם דור, ווי דער
לעצטער. וואָס האָט נאָך אין רוים געזעען די הייליקע מנורה.
פארוואָס ווילסטו אים האלטן אין אומוויסנהייט, אים, פון וועלכן
מיר פארלאנגען, ער זאָל א וויסנדיקער ווערן און דער עדות פון
דער דאָזיקער נאכט?"

אבטליון האָט פארשעמט געשוויגן, רבי אליעזר האָט זיך
צארט אָנגעבויגן צום יינגל און אים אויפמונטערנדיק געגלעט
איבערן קאָפּ.

„פרעג, קינד! פרעג דרייסט, וויפל דו באגערסט, איך וועל דיר ענטפערן. ערגער איז פאר א מענטש נישט צו וויסן, איידער צו פרעגן. נאר דער, וואס פרעגט א סך, קען א סך פארשטיין, און ווער עס פארשטייט א סך, ווערט א רעכטפארטיקער".

דעם יינגל האט דאס הארץ אנגעהויבן צו ציטערן פאר שטאלץ, וואס דער קלוגער זקן, פאר וועלכן אלע האבן געהאט דרך ארץ, רעדט צו אים אזוי ערנסט. ער וואלט גערן געוועזן דעם רבין די האנט געקושט פאר דאנקבארקייט, אבער עס האט אים אויסגעפעלט דרייסטקייט, זיינע הייסע ליפן האבן בלויז אן ווערטער און קלאנגלאז געציטערט. אבער רבי אליעזר, וואס האט זיין גאנץ לעבן עוסק געווען אין ספרים, האט אויך געוווסט, ווי אזוי צו לייענען אין דער טונקלקייט פון שטילשווייגן די שריפטצייכנס פון הארץ. ער האט געפילט, אז דאס יינגל ציטערט פאר אומגעדולד צו וויסן, וואס מיט אים וועט געשעען און וווהין זיי גייען. ער האט צארט צוגעצויגן דעם קינדס הענטל נענטער צו זיך; לייכט און צאפלדיק, ווי א שמעטערלינג איז זי געבליבן אין דעם זקנס קילע האנט.

„איך וועל דיר זאגן, וווהין מיר גייען און קיין זאך פאר דיר נישט פארשוויגן. ווארום קיין שום שלעכטס שטעקט נישט אין דעם, וואס מיר טוען און וועגן אפילו דער וועג, וואס מיר וואנדערן היינט, דארף בסוד בלייבן פאר אנדערע, גאט אבער קוקט אראפ אויף אים און קען אונזערע מחשבות. ער ווייסט, וואס מיר האבן זיך אונטערגענומען, אבער אייך נאר ער אליין ווייסט, ווי אזוי דאס וועט זיך אויסלאזן".

בשעת רבי אליעזר האט גערעדט צום קינד, האט ער זיך נישט אפגעשטעלט אין גיין און פונקט אזוי די איבריקע. זיי האבן זיך בלויז נענטער געהאלטן צו דיביידע, כדי זיך אויך איינצוהארכן, וואס דער קלוגער זקן דערציילט דעם אומוויסנדיקן קינד.

„אַן אַלטער וועג איז עס, וואָס מיר גייען, מיין קינד, שוין אונזערע עלטערן און אורעלטערן זענען אים געגאַנגען. וואָרום א וואַנדערפאָלק זענען מיר געווען יאָרנלאַנג און אצינד זענען מיר עס ווידער געוואָרן און, ווער ווייסט, אפשר גאָר איז אונזער גורל, אַז מיר זאָלן אזוי בלייבן אויף דור דורות. מיר האָבן נישט, אזוי ווי אנדערע אומות קיין ערד, וואָס זאָל זיין אונזער אייגנס, עס וואַקסט אונז נישט אין אן אייגן פעלד זאָמען און פּירות. וואַנדערנ־דיק בלויז ציען מיר דורך די לענדער און אין פרעמדן באָדן געפינען זיך אונזערע קברים. אָבער ווי צעשפּרייט און צעזייט מיר זענען איבער דער וועלט פון מזרח ביז מערב, זענען מיר דאָך געבליבן א פאָלק, אן איינציקס און איינזאַמס צווישן די פעלקער דורך אונ־זער גאָט און אונזער גלויבן אין אים. אן אומזעבאַרעס איז דאָס, וואָס בינדט אונז, אן אומזעבאַרעס, וואָס האַלט אונז צוזאַמען און דאָס דאָזיקע אומזעבאַרע איז אונזער גאָט. איך ווייס, מיין קינד, אַז עס וועט דיר שווער זיין דאָס דאָזיקע משיג צו זיין, וואָרום נאָר דאָס זעבאַרע איז לייכט משיג צו זיין מיט די חושים, נאָר דאָס חומרדיקע לאָזט זיך אָננעמען און אָנטאַפּן, ווי ערד און האָלץ און שטיין אָדער מעטאַל. און דערפאַר טאַקע האָבן זיך די אנדערע פעלקער געשאַפן זייער גאָט פון זעבאַרע זאַכן, פון העלצער און שטיינער און אויסגעהאַמערט מעטאַל. מיר אָבער, מיר איינאונ־איינציקע, האַלטן זיך ביי דעם אומזעבאַרן און מיר זוכן א זין, א העכערן פאַר אונזער זין. אַלע אונזערע צרות שטאַמען דערפון, וואָס מיר האָבן זיך נישט געהאַלטן ביי דעם באַשיינפּערלעכן, נאָר מיר זענען געווען און וועלן אייביק בלייבן זוכער פון דעם אומזע־באַרן. אָבער עס איז שטאַרקער דער, וואָס פאַרבינדט זיך מיט דעם אומזעבאַרן, ווי דער, וואָס האַלט זיך אָן דעם באַשיינפּערלעכן, ווייל פאַרגענגלעך איז דאָס דאָזיקע און יענץ בלייבט אייביק. און עס איז שטאַרקער און דויערהאַפטיקער דער גייסט, איידער די געוואַלט. דערפאַר און נאָר דערפאַר, קינד, האָבן מיר גובר געווען די צייט, ווייל מיר האָבן זיך געהאַלטן אָן דעם צייטלאָזן, און נאָר

ווייל מיר זענען טריי געווען צו גאָט, דעם אומזעבארן, איז ער אונז טריי געבליבן. איך וויים, פאר דיר, א קליין יינגל, וועט שווער זיין דאָס תופס צו זיין, וואָרום מיר אליין באגרייפן אָפט נישט אין אונזער נויט, אז גאָט און די גערעכטיקייט, אין וועלכער מיר גלויבן, ווערט נישט אנטפלעקט אויף די דאָזיקע אונזערע וועלטן. אָבער ווען אפילו דו פארשטייסט מיך אצינד נישט, זאָלסטו נישט ארויספאלן ביי זיך און הער ווייטער, מיין קינד".

„איך הער", האָט דאָס קינד שרעקעוודיק און פארכשופט גע־ענטפערט.

„מיט דער דאָזיקער אמונה אין דעם אומזעבארן זענען אונ־זערע עלטערן און אורעלטערן געגאנגען דורך דער וועלט, און כדי פאר זיך אליין צו באשטעטיקן, אז זיי זענען די איינציקע, וואָס גלויבן אין דעם דאָזיקן אומזעבארן גאָט, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אנטפלעקט און וועלכן קיין בילד האָט קיינמאָל נישט פאַר־געשטעלט, האָבן אונזערע אורעלטערן זיך געשאפן א צייכן. וואָרום אונזערע חושים זענען שוואך און זיי קענען דאָס אומענדלעכע נישט תופס זיין: בלויז א שאָטן פון דעם געטלעכן פאלט טיילמאָל אראָפּ אין אונזער לעבן אריין און בלויז א קליינער שטראל דערפון אין אונזער ערדישן טאָג. כדי אָבער עס זאָל אונזערע הערצער קיינמאָל נישט פארפרעמדט ווערן די פליכט צו דינען דעם אומזעבארן, וואָס איז די גערעכטיקייט, די אייביקייט און די גנאָד, האָבן מיר זיך געשאפן כלים צו דער עבודה, ארום וועלכע מען מוז תמיד אומגיין, א לייכטער, וואָס ווערט אָנגערופן מנורה, אין וועלכן עס האָט תמיד געברענט ליכט, א שלחן, אויף וועלכן עס זענען תמיד געלעגן די ברויטן, דאָס לחם הפנים. נישט קיין אָפּבילדער פון געטלעכן וועזן — נעם עס דיר גוט אין זינען אריין — אזוי ווי די אנדערע אומות פלעגן מאכן, זענען געווען די דאָזיקע כלים, וואָס מיר האלטן פאר הייליק, נייערט בלויז באשטעטיקונגען פון אונזער אייביק וואכזאמער גלויביקייט; און ווי מיר האָבן געוואנדערט איבער דער

וועלט, האָבן זיי מיט אונז מיטגעוואנדערט. אין א געצעלט פאר־באָרגן זענען זיי געווען און דאָס געצעלט פלעגן אונזערע אור־עלטערן, היימאטלאָזע, ווי מיר, טראָגן אויף זייערע אקסלען. ווען דאָס געצעלט מיט די הייליקייטן האָט גערוט, האָבן מיר אויך געמוזט רוען; ווען עס האָט געוואנדערט, האָבן מיר מיטגעוואנ־דערט. אין רוען און אין וואנדערן, בייטאָג און ביינאכט, טויזנטער און טויזנטער יאָרן האָבן מיר יידיש פאָלק תמיד זיך געזאמלט ארום די דאָזיקע הייליקייטן און אזוי לאנג, ווי מיר היטן אָפּ דעם דאָזיקן זין פאר קדושה, אזוי לאנג בלייבן מיר אין יעדן גלות א פאָלק.

„אצינד הער ווייטער. די הייליקייטן פון יענעם געצעלט זענען געווען דער שלחן, אויף וועלכן מיר האָבן ארויפגעלייגט דאָס לחם הפנים, די שפייז, וואָס קומט פון דער ערדס שוים; און עס זענען געווען די כלים, אין וועלכע מען האָט געדעמפט ווייררויך פאר גאָטס וועגן; און עס זענען געווען די לוחות מיט די געבאָטן, אין וועלכע גאָט האָט זיך צו אונז באקענט. אָבער דאָס אָנזעעוודיקסטע פון די דאָ־זיקע אלע כלים איז געווען די מנורה, וואָס האָט זיך געפונען קייגנ־איבער דעם שלחן און אים שטענדיק באלויכטן מיט איר ליכט. וואָרום גאָט האָט ליב דאָס ליכט, וואָס ער האָט אָנגעצונדן; און אונזער דאנק פאר דעם ליכט, מיט וועלכן ער האָט באשאָנקען אונ־זערע אויגן און אונזערע חושים, האָט די דאָזיקע מנורה געשאפן. פון געלייטערט גאָלד איז זי געווען קונסטפול געשמידט, דורך זיבן רערן האָבן פון איר ברייטן שטאם זיך דערהויבן אירע בע־כערס, באצירט מיט קרענץ און בלומען. ווען מען האָט די זיבן פלעמלעך אָנגעצונדן אין די קעפּ פון די זיבן רערן, האָט דאָס ליכט אויפגעפלאקערט אין זיבן שיינען און אין זיין אָנבליק האָבן מיר געלייטערט אונזערע הערצער. יעדעס מאָל, ווען עס ווערט אָנגע־צונדן אין די שבתים, פארוואנדלט זיך אונזער נשמה אין א טעמפּל פון קדושה. דעריבער איז אונז קיין שום זאך אויף דער וועלט

נישט אזוי טייער אלס צייכן, ווי דאָס געשטאַלט פון דער דאָזיקער מנורה; און אומעטום, וווּ א ייד גלויבט נאָך אין דער קדושה, אין יעדן יידישן הויז אויף די פיר זייטן פון דער ערד, געפינט זיך נאָך דאָס געשטאַלט פון אזא מנורה, וואָס הויבט אויף אירע זיבן אָרעמס צום געבעט".

„פארוואָס זיבן?" האָט דאָס ייִנגל שרעקעוודיק געפרעגט.

„פרעג, פרעג, מיין קינד! פון פרעגן ווערט וויסן. א גאנץ באזונדערע און חשובע צאָל איז זיבן צווישן די צאָלן, ווארום נאָך זיבן טעג האָט גאָט פארענדיקט די יצירה פון דער וועלט און פון דעם מענטש. און נישטאָ קיין גרעסער ווונדער ווי דאָס, וואָס מיר זענען דאָ אויף דער דאָזיקער וועלט און מיר פילן און ליבן זי און דערקענען איר שעפער. דורך דעם ליכט האָט גאָט געלערנט די חושים צו זען און די נשמה צו וויסן: דעריבער לויבט די מנורה מיט אירע זיבן אָרעמס דאָס ליכט, דאָס אויסערלעכע און דאָס אינערלעכע. ווארום אויך אן אינערלעך ליכט האָט אונז גאָט געשענקט דורך דער תורה; און פונקט, ווי דאָס אויסערלעכע ליכט דורך זעען, באנעמען מיר דאָס אינערלעכע דורך דערקענען. וואָס דער פלאָם איז פאר די חושים, דאָס איז פאר דער נשמה די תורה, אין וועלכער עס שטייט אלדינג געשריבן, די מעשים פון גאָט און די מעשים פון די אבות, דער מהות פון יעדער טאט, דאָס, וואָס איז דערלויבט און דאָס, וואָס איז פארבאָטן, דער שאפנדיקער גייסט און דאָס געשטאַלטנדיקע געזעץ. צוויי מאָל קענען מיר דורך גאָטס חסד זעען די וועלט א דאנק דעם ליכט, איין מאָל אויסערלעך דורך די חושים און דאָס אנדערע מאָל דורך דעם גייסט, און אפילו זיין אייגענעם מהות קענען מיר תופס זיין דורך זיין באשטראלונג. פארשטייסטו מיך, קינד?"

„ניין", האָט דאָס ייִנגל ארויסגעזיפצט.

„טאָ נעם זשע דיר בלויז דאָס איינע אין זינען אריין — דאָס

איבריקע וועסטו שפּעטער פאַרשטיין — נעם דיר בלויז אין זינען אריין דאָס, וואָס איך זאָג דיר דאָ: דאָס הייליקסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט דורך דער צייט פון אונזער וואַנדערשאַפט און דאָס איינציקע, וואָס איז אונז פאַרבליבן פון פאַרצייטנס, איז געווען די תורה און די מנורה".

„די תורה און די מנורה", האָט דאָס ייִנגל פאַרזיכטיק נאָכגעזאָגט און ער האָט צונויפגעבאַלט די הענט. גלייך ער וואָלט דערמיט פעסטער געהאַלטן די ווערטער.

„אצינד הער ווייטער! עס איז געקומען א צייט — זי איז שוין זייער ווייט. — ווען מיר זענען מיד געוואָרן פון וואַנדערן. וואָרום דער מענטש באַגערט די ערד, פּונקט ווי די ערד באַגערט אים. און ווען מיר זענען נאָך א סך יאָרן זיין אין דער פרעמד אָנגעקומען אין דעם לאַנד, וואָס משה האָט אונז צוגעזאָגט, האָבן מיר עס גענומען, ווי אונזער נחלה און זיך דאָרט באַזעצט. מיר האָבן געאַקערט און געזייעט און געפלאַנצט דעם וויינשטאָק און געצוימט די חיות, מיר האָבן זיך געשאַפן פּרוכטבאַרע פעלדער, זיי אַרומגעצוימט און פאַרשטעלט. גליקלעך, וואָס מיר דאַרפן נישט אייביק זיין די איינגעבעטענע און פאַרשטויסענע צווישן די אנדערע פעלקער און די אייביקע געסט אין דער פרעמד. און שוין האָבן מיר געמיינט, אז עס האָט א סוף גענומען צו אונזער וואַנדערונג אויף אלע צייטן, שוין האָבן מיר זיך דערוועגט צום דרייסטן וואָרט, אז אונזער איז די דאָזיקע ערד, גלייך עס וואָלט אמאָל די ערד געהערט צום מענטש, וואָרום אלץ איז בלויז א פּקדון. אָבער ער פאַרגעסט תמיד, אז האָבן מיינט נאָך נישט האַלטן און פאַרמאָגן מיינט נישט איינהיטן: ווי ער פּילט ערד אונטער די פיס, בויט ער זיך א הויז און פּונקט ווי די וואָרצלען פון די ביימער, וויל ער זיך אין באָדן פאַרפעסטיקן. אזוי האָבן מיר אויך צום ערשטן מאָל געבויט פאַר זיך הייזער און שטעט; און ווען יעדער פון אונז האָט שוין געהאַט אַן איינענע היים, ווי האָבן מיר געקענט נישט אויפבויען

א היים אויך פאַר אים. פאַר אונזער גאָט און באַשיצער, א הויך און הערלעך הויז איבער אלע הייזער, א גאָטסהויז. און עס איז אויפגעשטאַנען אין יענע געבענטשטע יאָרן פון מנוחה אין אונזער לאַנד א קעניג, וואָס איז געווען רייך און קלוג. שלמה האָט ער געהייסן...״

„געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען״, האָט אבטליון זיך שטיל אָנגערופן.

„געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען״, האָבן די אנדערע זקנים נאָכגעזאָגט אין גיין.

„... ער האָט אויפגעבויט א הויז אויף דעם בארג מוריה, ווּ אונזער עלטערפאָטער יעקב האָט אמאָל געזעען אין חלום די הימלישע לייטער און דאַן אויפוואכנדיק געזאָגט: „הייליק איז דאָס דאָזיקע אָרט און הייליק וועט עס זיין פאַר אלע פעלקער פון דער ערד״. דאָרט האָט שלמה אויפגעבויט אונזער גאָטסהויז און עס איז הערלעך געווען געמאכט פון שטיין, צעדערהאָלץ און געלייטערטע מעטאלן. און ווען אונזערע עלטערן פלעגן ארויפבליקן צו זיינע מויערן, זענען זייערע הערצער געוואָרן זיכער, ווי גאָט זאָל אייביק וועלן וווינען צווישן אונז און אונזער גורל באשירמען אויף דור דורות. ווי מיר האָבן גערוט אין אייגענע היימען, אזוי האָט אין הייליקן הויז גערוט דאָס געצעלט און אין געצעלט דער לאנג ארומגעטראָגענער ארון. טאָג און נאכט האָט די מנורה דערהויבן אירע זיבן פלאַמען אנטקייגן דעם שלחן, אליץ, וואָס איז אונז געווען הייליק, האָט גערוט פארבאָרגן אין דעם קדשי קדשים; און ווען אפילו גאָט איז געבליבן אומזעבאר, ווי ער איז תמיד געווען און וועט אייביק זיין, האָט ער אָבער דאָך געהאט זיין מקום מנוחה אין לאַנד פון אונזערע אבות, אין בית המקדש פון ירושלים״.

„זאָלן עס נאָך אונזערע אויגן ווידער זעען״, האָבן די וואַנדערנדיקע זקנים געמורמלט, ווי אין א תפלה.

„אָבער הער ווייטער, מיין קינד. אלץ, וואָס דער מענטש פארמאָגט, איז אים בלויז ווי א פקדון געגעבן און זיין גליקלעכע צייט לויפט אויף א שנעל זיך דרייענדיק ראָד. נישט אייביק, ווי מיר האָבן געמיינט, איז געווען אונזער מנוחה, וואָרום פון מזרח איז אָנגעקומען א ווילד פאָלק און זיך אריינגעריסן אין אונזער שטאָט, ווי די רויבער, וועלכע דו האָסט אצינד געזעען זיך ארייננרייסן אין דער דאָזיקער שטאָט פון אונזער גלות. וואָס מען האָט געקאָנט נעמען, האָבן זיי צוגענומען, וואָס מען האָט געקאָנט טראָגן, האָבן זיי אוועקגעטראָגן, וואָס עס האָט זיך געלאָזט צע־שטערן, האָבן זיי צעשטערט: בלויז דאָס אומזעבארע האָבן זיי אונז נישט געקאָנט אוועקנעמען, גאָטס וואָרט און זיין שכינה. אָבער די מנורה, דעם הייליקן לייכטער, האָבן זיי צוגערויבט און אוועקגעשלעפט מיט זיך, נישט ווייל ער איז געווען הייליק — דאָס האָבן די קנעכט פון שטן נישט משיג געווען — נאָר ווייל ער איז געווען פון גאָלד און רויבער האָבן תמיד ליב גאָלד. און צוזא־מען מיטן פאָלק האָבן זיי אוועקגעפירט די מנורה און דעם שולחן און אלע הייליקע כלים מיט זיך קיין בבל...“

„בבל?“, האָט דאָס יינגל אומדרייסט איבערגעפרעגט.

„פרעג, פרעג, מיין קינד און זאָל דיר גאָט תמיד ענטפערן. בבל האָט געהייסן יענע שטאָט, זי איז געווען גרויס און מעכטיק, ווי די דאָזיקע, אין וועלכער מיר וווינען אצינד און אזוי ווייט איז זי געווען פון אונזער היימאט, אז די שטערן דאָרט זענען אנדערש געשטאנען איבער אונזערע קעפּ. און כדי דו זאָלסט קענען פאַר־שטיין, ווי ווייט אונזערע הייליקע כלים האָבן דעמאָלט געוואַנ־דערט, רעכן אליין איבער: וואָרום באטראכט נאָר, דריי שעה איז ערשט, אז מיר וואנדערן און שוין פילן מיר א ווייטיק און א מיד־קייט אין אונזערע אברים. בבל אָבער איז געווען דריי מאָל טויזנט שעה ווייט און נאָך ווייטער. אצינד וועסטו אפשר קענען באגרייפן, ווי ווייט זיי האָבן דעמאָלט די מנורה אוועקגערויבט.

אָבער נעם דיר אויך דאָס איינע אין זינען אריין: פאר גאָטס ווילן איז נישטאָ קיין שום ווייטקייט. און ווען ער האָט געזען, אז זיין וואָרט איז פאר אונז געבליבן הייליק אין גלות — און אפשר איז דאָס טאקע דער זין פון אונזער אייביק נע ונד זיין אויף דער וועלט, אז דורך דער ווייטקייט זאָל דאָס הייליקע אונז ווערן נאָך הייליקער און דורך דער גרויסער נויט זאָל אונזער הארץ ווערן הכנעה־דיקער — ווען גאָט, זאָג איך, האָט געזען, ווי מיר זענען דעם נסיון בייגעשטאנען, האָט ער ביי א קעניג פון יענעם פרעמדן פאָלק אויפגעוועקט דאָס הארץ. ער האָט איינגעזען די עולה און געלאָזט אונזערע עלטערן זיך צוריקקערן אהיים און זיי אָפּגעגעבן די מנורה און די אנדערע כלים פון בית המקדש. און אונזערע עלטערן האָבן זיך פון כשדים ווידער אומגעקערט אהיים קיין ירושלים דורך מדבריות, בערג און וואלד־געדיכטענישן. פון אלע עקן פון דער ערד האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אהיים אויף דעם אָרט, ווו מיר זענען תמיד געווען און וועלן זיין מיט אונזערע מחשבות. מיר האָבן ווידעראמאָל אויפגעבויט דאָס בית המקדש אויף דעם בארג מוריה, ווידעראמאָל האָט געלויכטן די צוריק אהיימגעקערטע מנורה מיט אירע זיבן פלאמען און צוזאמען מיט איר האָבן אונ־זערע הערצער אויפגעלויכטן. אָבער נעם דיר דאָס גוט אין זינען אריין, כדי דו זאָלסט באגרייפן דעם זין פון אונזער היינטיקן וואנ־דערן: קיין שום ווערק אויף דער דאָזיקער וועלט איז נישט אזוי הייליק, אזוי אלט און האָט נישט אזוי ווייט געוואנדערט דורך דער צייט און איבער דער ערד, ווי די דאָזיקע זיבנערנדיקע מנורה, און פון אלעם, וואָס מיר האָבן און האָבן געהאט ווי א חותם פון אונזער איינהייט און ריינקייט, איז זי דאָס טייערסטע משכון. און תמיד ווערט פארפינסטערט אונזער גורל, ווען עס ווערט אויסגע־לאָשן און פארשווונדן איר ליכט".

רבי אליעזר איז שטיל געבליבן. זיין קול האָט אויסגעוויזן צו זיין דערשעפּט. דאָס יינגל האָט האסטיק א הויב געטון דעם קאָפּ

אינדערהויך און זיינע אויגן זענען פארוואנדלט געוואָרן אין קליינע גליענדיקע פלעמלעך, פול מיט זאָרג, אז דאָס דערציילן קאָן זיך שוין האָבן געענדיקט. שמייכלענדיק האָט רבי אליעזר באַמערקט דעם קינדס אומגעדולד. ער האָט אים מילד געגלעט די האָר און באַרואיקנדיק געזאָגט:

„ווי דיינע אויגן ברענען, מיין קינד! אָבער האָב נישט קיין מורא: אונזער גורל האָט נישט קיין סוף, און ווען אפילו איך זאָל דיר דערציילן יאָרן און יאָרן, וואָלסטו קוים געוווּסט א טויזנטסטן טייל פון דעם וועג, וואָס איז אונז באַשטימט צו גיין. ווייל אָבער דו הערסט אזוי גוט און מיט חשק, טאָ הער אצינד, ווי עס איז געווען און ווי עס איז צוגעגאַנגען אין אונזער היימאַט! ווידער־אַמאָל האָבן מיר געמיינט, אז דאָס בית המקדש וועט שוין האָבן א קיום אויף אייביקע דורות, וואָרום דעם מענטשנס פאַרגענגלעכער זין בענקט נאָך דויערהאַפטיקייט און ער באַגערט פאַר זיין ווערק א לאַנגן קיום. אָבער אויפּסניי זענען שונאים געקומען אי־בערן ים; פון דעם דאָזיקן לאַנד, וווּ מיר וווינען אצינד ווי פרעמדע, זענען זיי אָנגעקומען און געפירט האָט זיי א קיסר, א קריגסמאַן מיטן נאָמען טיטוס"...

„ימח שמו", האָבן די זקנים געמורמלט גייענדיק.

„... און ער האָט צעבראָכן אונזערע מויערן און חרוב גע־מאַכט אונזער בית המקדש. מיט חוצפּה איז דער רשע אריינגע־טרעטן אין קדשי קדשים און ארויסגעריסן די הייליקייטן און די מנורה. דאָס, וואָס שלמה האָט הערלעך געשאַפן, פאַר גאָטס לויב וועגן, האָט דער רשע אין זיין נקמה צוגערויבט און ער האָט אוועק־געפירט מיט זיך א געשמידטן אין קייטן אונזער קעניג און די הייליקע כלים פון בית המקדש. דער נארישער המון האָט מיט גאוה געיובלט, בעת טיטוס איז זיגעריש צוריקגעקומען, גלייך ווי זיינע קריגסלייט וואָלטן גאָט באַזיגט און אים געשלעפּט מיט זיך געשמידט אין קייטן. און אזוי הערלעך האָט זיך דעם רשע אוים־

געזויזן זיין רשעות. אזוי פּרעכטיק אונזער דערנידערונג, אז ער האָט גאוהדיק געלאָזט אויפבויען פאר זיך א טויער צום געדעכע־ניש און אין מארמאָר איינקריצן קינסטלעכע געשטאלטן פון זיין רויב ביי גאָט".

דאָס קינד האָט פארחידושט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. „איז דאָס יענער בויגן מיט די שטיינערנע מענטשן? יענץ געוועלבטע טויער פאר דעם גאָר גרויסן פלאַץ, דאָס טויער, וואָס דער פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט, אז איך טאָר עס קיינמאָל נישט דורכגיין?"

„דאָס זעלבע, מיין קינד. זאָלסט תמיד עס אויסמיידן און נישט אָנקוקן דאָס דאָזיקע טויער פון טריאומף, וואָרום עס דערמאָנט אָן דעם טאָג פון אונזער חורבן. קיין שום ייד טאָר נישט דורכגיין דעם דאָזיקן בויגן, וועלכער ווייזט אין בילדער, ווי זיי האָבן פארשוועכט אלץ, וואָס איז געווען און וועט שטענדיק זיין פאר אונז הייליק. געדענק יעדעם מאָל..."

דער אלטער מאן האָט אָפּגעהאקט אין מיטן וואָרט, וואָרום הורקנוס בן הלל איז צו אים פון הינטן פּלוצלינג צוגעשפּרונגען און אים ארויפגעלייגט די האנט אויף די ליפּן. אלע זענען שטארק דערשראָקן געוואָרן פון זיין דרייסטקייט. אָבער הורקנוס בן הלל האָט שווייגנדיק אָנגעוויזן אויפן וועג פאָראויס. אין דעם בלאסן אָפּגלאנץ פון דער פארנעפּלטער לבנה האָט זיך דאָרט געזעען עפּעס אן אומדייטלעכע זאך. עפּעס טונקלס האָט זיך פאמעלעך געשארט איבערן ווייסן וועג, ווי א קריכנדיקער רעגנוואָרעם און אצינד, בעת די אלטע לייט זענען געבליבן שטיין מיט א פארהאלטענעם אָטעם, האָט דורך דער שטילקייט זיך דערטראָגן אהער א סקריפּען פון שווער באלאָדענע וועגענער. אינדערהויך אָבער, איבער דעם דאָזיקן טונקעלן צוג, וואָס איז מיט מי געקראָכן פאָראויס, האָט עפּעס געפינקלט העל, ווי קליינע זאנגען אין מאָרגנטוי; עס זענען געווען די שפּיזן פון דער נומידישער וואך, וואָס האָט געהיטן די וועגענער מיטן רויב.

אָבער אָט האָבן שוין די שאַרפאויגיקע וועכטער פון יענעם רויבצוג געמוזט האָבן דערזעען די אונטערקומענדיקע, וואָרום זיי האָבן באַלד אויסגעדרייט די פערד און אַ גרופּע מיט אָנגעשטעלטע שפּיזן האָט זיך אַ לאָז געטון אהער מיט אַ שאַרף געשריי. די נומי־דישע קריגסלייט זענען אויסגעגלייכטע געשטאַנען אין זייערע זאָטלען, די ווייסע בורנוסן האָבן געפלאַטערט אין דער לופט און עס האָט אויסגעזעען, ווי די פערד וואָלטן געווען באַפליגלט. די עלף זקנים האָבן זיך אינסטינקטיוו צוזאַמענגעטוליעט און אַריינגענומען דאָס קינד אינמיטן. מיט שאַרפע און ווילדע געשרייען, זענען די רייטער האַסטיק געקומען אָנצולויפן: בלויז ווינציקע עטלעכע שפּאַן פאַר די צעשראָקענע זקנים האָבן זיי, כדי פון דער נאָענט צו באַ־טראַכטן די אומבאַקאַנטע נאָכגייער, אַ שאַרפן צי געטון די פערד, אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס. אָבער ווען זיי האָבן אין דעם שוואַכן ליכט פון דער שוין פאַרגייענדיקער לבנה דערזעען, אַז דאָס זענען גאָרנישט קיין קריגסלייט. וואָס יאָגן נאָך, כדי דאָס מלחמה־רויב ביי זיי אָפּצונעמען, נאָר בלויז זקנים, וואָס ציען פרידלעך דורך דער נאַכט, ווייסבערדיקע און שוואַכע זקנים, יעדער מיט אַ קליין פּעקל און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, פּונקט ווי עס פלעגן אויך אין זייער לאַנד די פרומע וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, האָבן זיי צוטרוילעך געלאַכט צו די זקנים און זייערע ציין האָבן ווייס געבליצט פון די ווילדע און טונקעלע פּנימער אַרויס. דערנאָך האָט איינער פון זיי געטון אַ שטאַרקן און קורצן פייף; ווידעראַמאָל האָבן זיי אַ קער געטון די פערד און פלינק און לייכט, ווי אַ מחנה פייגל זיך אַ לאָז געטון צוריק צו זייער מלחמה־רויב, בעת די זקנים זענען נאָך אַלץ גע־שטאַנען אומבאַוועגלעך דורכן בליץ פון זייער שרעק און נישט געוואַגט זיך צוצוגלויבן, אַז זיי זענען שוין נצול געוואָרן פון דער סכנה.

* *

*

רבי אליעזר, דער קב ונקי, איז דער ערשטער צו זיך געקומען. ער האָט צערטלעך געקלאפּט דעם קינד איבער דער באק.

„דו ביסט א מוטיקער", האָט ער געזאָגט, אראָפּבויגנדיק זיך צו אים. איך האָב געהאלטן דיין האנט און זי האָט נישט געציטערט. זאָל איך דיר אצינד ווייטער דערציילן? וואָרום דו ווייסט נאָך אלץ נישט, ווּהין מיר גייען און פארוואָס מיר זענען וואך די היינטיקע נאכט".

„דערציילן!" האָט דאָס יינגל געפּליסטערט מיט א שטיל געבעט.

„איך האָב דיר שוין געזאָגט, אז טיטוס, דער פארפלוכטער, האָט אונזערע הייליקייטן אוועקגעשלעפּט קיין רוים. און זיי געלאָזט ארומפירן הורך דער גאנצער שטאָט. נאָך יענעם טאָג אָבער האָבן די קיסרים פון רוים באהאלטן אונזער מנורה צוזאמען מיט די אנדערע הייליקייטן פון שלמה המלך אין א הויז, וואָס זיי האָבן אָנגערופן טעמפּל פון פרידן. וואָס פאר א נאריש וואָרט, גלייך דער פרידן וואָלט אמאָל געהאט דויערהאפטיקייט און א היים אויף אונזער קריגערישער וועלט. אָבער גאָט האָט נישט פארטראָגן, אז דאָס, וואָס האָט באצירט זיין הויז אין ציון, זאָל בלייבן אין פרעמדן טעמפּל, האָט ער באלד אראָפּגעשיקט א פייער, וואָס האָט פארברענט יענץ הויז ביזן גרונט מיט זיינע בילדער און האָב און גוטס. בלויז אונזער מנורה איז נצול געוואָרן פון די פלאמען; און ווידער האָט מען געזעען בחוש, אז נישט פייער און ווייטקייט און נישט דעם מענטשנס רויבערישע האנט קאָן האָבן איבער איר א שליטה. א וואָרנונגסצייכן איז דאָס געווען פון גאָט, אז זיי זאָלן צוריקגעבן דאָס הייליקע צו זיין הייליקן אָרט, און די כלים פון דער עבודה צום פלאץ, וואָס האָט זיי פארערט צוליב זייער קדושה. אָבער ווען פארשטייען די נאראָנים א צייכן, ווען בויגט זיך דאָס פארעקשנטע מענטשלעכע האַרץ הכנעהדיק פארן פארשטאנד?"

רבי אליעזר האָט א זיפץ געטון, דערנאָך האָט ער ווייטער גערעדט.

„האָבן זיי גענומען אונזערע הייליקע כלים און זיי ווידער באהאלטן אין אן אנדער הויז פון קיסר; און ווייל זיי זענען דאָרט אין א פארשלאָסענער קאמער רואיק אָפּגעלעגן יאָרן און צענטליקער יאָרן, האָבן זיי ווידער געמיינט, אז אצינד וועלן זיי שוין בלייבן ביי זיי אויף דור דורות. אָבער הינטער איין רויבער יאָגט זיך תמיד נאָך דער אנדערער; וואָס איינער האָט מיט כח צוגענומען, נעמט ביי אים אן אנדערער ווידער צו מיט כח. פּונקט ווי רוים אויף ירושלים, אזוי איז קארטאגאָ אָנגעפאלן אויף רוים. פּונקט ווי זיי האָבן אונז בארויבט, אזוי האָט מען זיי בארויבט. ווי זיי האָבן אונזערע הייליקייטן פארשוועכט, אזוי האָט מען אויך זייערע. אָבער אויך אונזער אייגנס, אונזער מנורה, אונזערע כלים פון דער עבודה, האָבן יענע רויבער צוגענומען און די דאָזיקע וועגענער דאָרט אין דער פינסטער, זיי שלעפּן אוועק דאָס טייערסטע פון אונזער הארץ. מאָרגן וועלן זיי די מנורה פארלאָדן אויף זייערם א שיף, כדי זי אוועקצופירן אין דער פרעמד, ווו עס וועט זי שוין נישט דערגרייכן אונזער פארבענקטער בליק; שוין קיינמאָל וועט אונז, אלטע לייט, די דאָזיקע מנורה מער נישט לייכטן! און פּונקט ווי מען באגלייט צום קבר דעם טויטן גוף פון א געליבטן מענטש, כדי דורכן דאָזיקן נאָכגיין און באגלייטן אויף זיין לעצטן וועג צו באשטעטיקן די ליבשאפט צו אים, אזוי באגלייטן מיר היינט די מנורה אויף איר וועג אין דער פרעמד. עס איז דאָס הייליקסטע, וואָס מיר פארלירן: פארשטייסטו דעם טרויער פון אונזער ווייטיקלעכן גאנג?“

דאָס קינד האָט געשפּאנט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. עס האָט אויסגעזעען נאָכצוטראכטן.

„דאָס אָבער פארגעס נישט: פאר אן עדות האָבן מיר דיך מיטגענומען, אז דו זאָלסט אמאָל, ווען פון אונז. וועט שוין האָבן

געוואָרן שטויב און ערד, זיין אָן עדות, אז מיר זענען טריי געבליבן צו דער הייליקייט און כדי דו זאָלסט אנדערע לערנען, איר טריי צו בלייבן. כדי דו זאָלסט זיי העלפן גלויבן אין אונזער בטחון, אז די מנורה וועט תמיד צוריקקערן פון איר ארומוואנדערן אין דער פינסטערניש און מיט אירע זיבן פלאמען ווידער העלער באַלייכטן גאָטס בית המקדש. מיר האָבן דיך אויפגעוועקט, כדי דיין האַרץ זאָל וואך ווערן און דו זאָלסט אמאָל פון דער דאָזיקער נאכט דערציילן דעם שפּעטערדיקן דור. באהאלט דאָס אין זכרון און זאָלסט איבערגעבן די שפּעטערדיקע, ווי א טרייסט, אז דו האָסט נאָך מיט אייגענע אויגן געזעען די מנורה, וואָס האָט הונדערטער יאָרן געוואנדערט און געבליבן גאַנץ, פּונקט ווי אונזער פאָלק אין דער פרעמד און איך גלויב באמונה שלימה, אז זי וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין, כל זמן מיר וועלן נישט אונטערגיין".

דאָס קינד האָט נאָך אלץ געשוויגן און רבי אליעזר, דער קבּרנקי, האָט אין דעם דאָזיקן פארגליווערטן שטילשווייגן געשפּירט א ווידערשטאנד. האָט ער זיך דעריבער אראָפּגעבויגן און געפרעגט:

„האָסטו מיך פארשטאנען?"

דעם יינגלס נאקן איז געבליבן הארט. „ניין", האָט ער פארעקשנט געענטפערט. „איך פארשטיי דאָס נישט. וואָרום אויב... אויב זי איז אונז אזוי טייער און הייליק, די מנורה... פארוואָס לאָזן מיר זי אוועקנעמען?"

דער אלטער מאן האָט א זיפץ געטון. „דו פרעגסט זייער גוט, מיין קינד. פארוואָס לאָזן מיר זי אונז צונעמען? פארוואָס שטעלן מיר זיך נישט אנטקעגן? שפּעטער, ווען דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו פארשטיין, אז אויף דער דאָזיקער וועלט דינט דאָס רעכט דעם שטארקן און נישט דעם גערעכטן. כח צווינגט תמיד ארויף זיין ווילן אויף דער וועלט און פרומקייט פארמאָגט נישט קיין ערדישע מאכט. בלויז אומגערעכטיקייט אריבערטראָגן האָבן

מיר זיך אויסגעלערנט און נישט דעראָבערן אונזער רעכט מיט דער פויסט".

רבי אליעזר האָט מיט א געזונקענעם קאָפּ ארויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער, גייענדיק פאַראויס איבערן וועג. אָבער פּלוצלינג האָט דאָס ייִנגל האסטיק ארויסגענומען זיין האנט פונם אלטנס און איז געבליבן שטיין. אָפן און כמעט געביטעריש האָט דאָס צע־היצטע קינד געפרעגט דעם אלטן מאן:

„אָבער גאָט? פארוואָס פארטראָגט ער דעם דאָזיקן רויב? פארוואָס העלפט ער אונז נישט? דו האָסט דאָך אליין געזאָגט, אז ער איז א גערעכטער און אן אלמעכטיקער? פארוואָס האלט ער מיט די רויבער און נישט מיט די גערעכטע?"

אלע זענען געוואָרן דערשראָקן, זיי זענען שטיין געבליבן און גלייכצייטיק האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי זיי דאָס הארץ אין דער ברוסט. ווי א שארפער פאנפארן־סיגנאל איז דעם קינדס דרייסטע פראגע ארייגעפאלן אין דער פוסטקייט פון דער נאכט, גלייך ווי זי וואָלט גאָט דערקלערט קריג. און צאָרניק — וואָרום ער האָט זיך געשעמט מיט זיין פלייש און בלוט — האָט אבטליון אָנגע־שריגן אויף זיין אייניקל:

„שווייג און לעסטער נישט!"

רבי אליעזר אָבער האָט אים איבערגעהאקט די רייד.

„דו שווייג בעסער! וואָס ברומסטו אויף דעם אומשולדיקן קינד? זיין תמימותדיק הארץ האָט נישט געפרעגט עפּעס אנדערש, ווי דאָס, וואָס מיר אליין פרעגן יעדן טאָג און יעדע שעה. דו און איך און מיר אלע און די חכמים און די גאָר קליגסטע פון אונזער פאָלק פון די גאָר ערשטע צייטן אָן. דאָס קינד האָט נישט געפרעגט עפּעס אנדערש, ווי אונזער אלטע יידישע פראגע: פארוואָס איז גאָט גראָד צו אונז הארטער, ווי צו אלע אנדערע פעלקער, גראָד

צו אונז, וואָס דינען אים. ווי קיין שום אנדער פאָלק? פארוואָס ווארפט ער גראָד אונז אונטער די פיס פון אנדערע, אז זיי זאָלן אונז טרעטן, אונז, וואָס האָבן אים די ערשטע דערקענט און גע־לויבט די אומבאגרייפלעכקייט פון זיין וועזן? פארוואָס צעשטערט ער דאָס, וואָס מיר בויען, מאכט צו נישט דאָס, אויף וואָס מיר האָפן, פארוואָס נעמט ער אונז תמיד צו די היים, ווו מיר ווילן אויסרוען, פארוואָס רייצט ער אָן אויף אונז פאָלק נאָך פאָלק צו אייביק באנייטער שנאה? פארוואָס פרוּווט ער אונז, תמיד נאַר אונז, מיט הארטע נסיונות, אונז, וועלכע ער האָט צוערשט אויס־דערוויילט און די ערשטע אנטפלעקט זיין סוד? ניין, איך וועל נישט ליגן זאָגן פאר א קינד, ווארום, אויב זיין פראגע איז לעסטע־רונג, בין איך אליין א לעסטערער יעדן טאָג פון מיין לעבן. ווארום זעט, איך בין מיך מתודה פאר אייך אלע: אויך איך, ווי שטארק איך זאָל מיך נישט ווערן, אויך איך פיר א וכוח מיט גאָט אָן א סוף, אויך איך, אכציק יאָר שוין אלט, פרעג נאָך אלין טאָג איין טאָג אוים די פראגע פונם דאָזיקן תמימותדיקן קינד: פארוואָס שטויסט גאָט גראָד אונז אזוי טיף אין דעם אָפּגרונט פון נויט? פארוואָס דערלאָזט ער באַרויבן אונזער רעכט און העלפט נאָך די רויבער אין זייער רויב. און ווען אפילו איך זאָל א פארשעמטער מיר טויזנט מאָל שלאָגן מיט דער פויסט אויף דער ברוסט, קאָן איך דאָך נישט דערדריקן און דערשטיקן אין מיר דאָס דאָזיקע פרעגנדיקע געשריי. איך וואָלט קיין ייד נישט געווען און קיין מענטש, ווען די דאָזיקע פראגע זאָל מיך נישט פייניקן יעדן טאָג, און בלויז דער טויט וועט זי שטום מאכן אויף מיינע ליפּן".

די זקנים האָבן אויפגעציטערט. זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזעען דעם [illegible], דעם ריינעם און קלאָרן, דעם שטענדיק רעכטפארטיקן, אזוי אויפגעברויזט: פון עפּעס אן אינערלעכן מקור, וועלכן ער האָט ביז אהער געהאלטן פארשלאָסן פאר אלע, האָט די דאָזיקע אָנקלאגע געמוזט קומען, און פרעמד האָט ער זיי אוים־

געזעען, בעת ער איז אזוי געשטאנען, ציטערנדיק מיט אלע אברים פאר גרוים וויטיק און פארשעמט דעם בליק אוועקגעבויגן פון דעם קינד, וואָס האָט פארווונדערט אָנגעשטעלט אויף אים די פרעגנ־דיקע אויגן. אָבער באלד האָט רבי אליעזר זיך געשטארקט און ווידער װענדנדיק זיך צו דעם קינד, האָט ער מילד געזאָגט:

„פארגיב, וואָס איך האָב גערעדט צו זיי און נאָך צו אן אנ־דערן איבער אונז אלע, אָנשטאָט דיר צו געבן אן ענטפער. דו האָסט מיך געפרעגט, מיין קינד, פון דיין תמימותדיק הארץ: פאר־וואָס פארטראָגט גאָט דאָס דאָזיקע בייזע אומרעכט קייגן אונז און קייגן אים? און איך ענטפער דיר מיט דער תמימות פון מיין גייסט, אזוי ערלעך, ווי איך בין בכח, איך ענטפער דיר: — איך ווייס עס נישט. וואָרום מיר קענען נישט גאָטס כונות און האָבן נישט קיין השגה פון זיינע מחשבות. אָבער תמיד, בעת איך קום צו אים מיט טענות, א צעווייטיקטער פון מיינע יסורים און פון אונזער אלע־מענס גרויסע ליידן, פרוּוו איך דאן מיך טרייסטן מיט דער מחשבה: אפשר איז פארהאן א זין אין די ליידן, וואָס ער טיילט אונז צו און אפשר קומט יעדער פון אונז אָפּ פאר עפּעס א חטא. ווער קען וויסן, ווער עס איז אים באגאנגען? אפשר איז שלמה המלך, דער חכם, נישט געווען גאָר קיין חכם, וואָס ער האָט אויפגעבויט דאָס בית המקדש אין ירושלים, גלייך ווי גאָט זאָל זיין א מענטש און באגערן זיך צו באזעצן אויף איין איינציקן אָרט און צווישן איין איינציק פאָלק. אפשר איז עס געווען א חטא, וואָס ער האָט פאר אים אויפגעבויט אזא פראכטפול הויז, גלייך ווי גאָלד זאָל זיין מער, איידער פרומקייט און מירמלשטיין מער, ווי אינערלעכע פעסטקייט. אפשר איז עס געווען געגן גאָטס רצון, וואָס מיר יידיש פאָלק האָבן געוואָלט זיין, ווי אנדערע און פארמאָגן א היימאט און א ווינאָרט; וואָס מיר האָבן געזאָגט, אונזער איז דאָס דאָזיקע לאנד און מיר האָבן געזאָגט: אונזער בית המקדש און אונזער גאָט, ווי מען זאָגט: מיין האנט און מיינע האָר. אפשר האָט ער דערפאר

חרוב געמאכט דאָס בית המקדש און אונז פארטריבן פון אונזער לאנד, כדי מיר זאָלן אונזערע חושים נישט אָפּגעבן צו דעם זעבארן, נאָר בלויז אויף אן אינערלעכן אופן אים טריי בלייבן, אים, דעם נישט דערגרייכבארן און אומזעבאָרן. אפשר איז דאָס אונזער אמתער וועג, וואָס מיר זענען תמיד אין וועג, טרויעריק זיך אומ־קוקנדיק צוריק און מיט בענקשאפט פאָראויס, תמיד באגערנדיק נאָך מנוחה און תמיד דאָך מנוחהלאָז; וואָרום תמיד איז נאָר יענער א הייליקער וועג, וואָס מען קען נישט זיין ציל און אויף וועלכן מען גייט דאָך עקשנותדיק ווייטער, אָט אזוי, ווי מיר גייען דאָ די היינטיקע נאכט אין פינסטערניש און אין סכנות און מיר ווייסן נישט דעם אויסגאנג".

דאָס יינגל האָט זיך איינגעהאָרכט, אָבער רבי אליעזר האָט שוין געהאט פארענדיקט: „אצינד אָבער פרעג שוין נישט מער, וואָרום דיינע פראגן זענען גרעסער, ווי מיין וויסן. ווארט און זיי גערולדיק: אפשר וועט גאָט דיר אמאָל ענטפערן פון דיין אייגענעם הארצן ארויס".

דער אלטער מאן איז אנטשוויגן געוואָרן און אויך די אנדערע האָבן געשוויגן. שטיל זענען זיי אלע געשטאנען ביים וועג, שטיל־שווייגנדיק האָט זיי איינגעהילט די נאכט און זיי האָבן אלע גע־האט דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן אליין געשטאנען אין דער פינס־טערניש פון דער וועלט, מחוץ דער צייט.

פלוצלינג האָט איינער אויפגעציטערט און אויפגעהויבן די האנט. א מורא איז אויף אים אָנגעפאלן און ער האָט אויפגעפאָ־דערט די אנדערע זיך איינצוהאָרכן. און באמת, עפּעס האָט זיך דורכגעטראָגן דורך דער שטילקייט און רוישנדיק זיך דערנענטערט. תחילת האָט זיך אויסגעדאכט, ווי עמעצער וואָלט לייכט באריַרט א הארפע; א טונקלער, וואקסנדיקער טאָן, אָבער באלד האָט עס שטארקער זיך א טראָג געטון אהער פון דער פינסטערניש ארויס, ווי ווינט אָדער ים און מיטאמאָל איז אין דער שטיקנדיקער לופט

אריינגעפאלן א שטויס פון א שארפן שטורעם, האסטיק און פלוצ־
לינג, אז די דערשראָקענעביימער ביים וועג האָבן א הויב געטון
זייערע אָרעמס, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אָנכאפן אין ליידיקן חלל,
און די קוסטעס האָבן צעטומלטע געפליסטערט און שטויב האָט זיך
א טראָג געטון איבערן וועג. עס האָט זיך געדאכט, גלייך די שטערן
וואָלטן מיטאמאָל זיך א טרייסל געטון, און די זקנים, אויפגעברויז־
טע דורך דעם שמועס וועגן זייער גורל און אין דערוואַרטונג פון
גאָטס נאָענטקייט, האָבן געציטערט, צי וועט נישט פלוצלינג זיי
געגעבן ווערן אן ענטפער, וואָרום עס שטייט געשריבן אין די היי־
ליקע ספרים, אז גאָט איז נאָענט אין שטורעמווינט און זיין קול
לאָזט זיך הערן אין זאנפטן ברומען פון ווינט. יעדער האָט אראָפּ־
געלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד און צו דער זעלבער צייט זיך איינ־
געהאָרכט צום גערויש, וואָס האָט זיך געטראָגן אויבן און אומ־
באוווּסטערהייט האָבן זיי אָנגענומען איינער דעם אנדערנס האנט,
כדי זיך צוזאמען צו האלטן אנטקעגן דעם ווונדערבארן און יעדער
האָט געשפּירט אין זיין האנט דעם אנדערנס פּולס, ווי א קליינעם
האסטיקן האמער.

אָבער עס איז גאָרנישט געשען. פּונקט אזוי פלוצלינג, ווי
דער שטורעמווינט איז אָנגעקומען, איז ער אוועק, און ביסלעכווייז
האָט זיך איינגעשטילט דאָס געפליסטער אין גראָז. עס איז קיין
זאך נישט געשען. קיין קול האָט נישט גערעדט, קיין שום קלאנג
האָט נישט איבערגעריסן דאָס דערשראָקענע שטילשווייגן. און ווען
זיי האָבן ביסלעכווייז ווידער אויפגעהויבן די צו דער ערד אראָפּ־
געזונקענע אויגן, האָבן זיי דערזעען, ווי אין מזרח האָט זיך איבער
דער פינסטערניש אָנגעהויבן אויסצושיילן אן ערשטער שימער, ווי
אן אָפּאל, גלאנציק און צארט. דאן האָבן זיי פארשטאנען, אז דאָס
איז בלויז געווען דער ווינט, וואָס הויבט זיך תמיד אויף, איידער
עס נעמט טאָגן; בלויז דאָס טאָגטעגלעכע ווונדער פון טאָג ווערן
איז געשען, פונקט ווי נאָך יעדער נאכט אויף דער ערד. בעת זיי

זענען נאָך אזוי געשטאנען אומרואיקע, איז די רויטלעכע ווייט־קייט געוואָרן וואָס אמאָל העלער און באלד האָט זיך דאָס לאנד מיט בלאסע קאָנטורן אָנגעהויבן ארויסצושיילן פון די שלייערן. דעמאָלט האָבן זיי געוווּסט, אז די נאכט איז שוין פארביי, די נאכט פון זייער וואנדערונג.

„עס טאָגט", האָט שטיל און אנטטוישט געמורמלט אבטליון, „לאָמיר זאָגן די פרימאָרגן־תפילה!"

די עלף זקנים האָבן זיך צוזאמענגענומען. אין א זייט איז געבליבן שטיין דאָס קינד, ווי א מינדעריעריקער נאָך נישט קע־נענדיק דאָס געבעט, און זיך צוגעקוקט מיט א צעברויזט הארץ. די אלטע האָבן פון זייערע פעקלעך ארויסגעצויגן די טליתים און איינגעהילט די אקסלען און דעם קאָפּ. זיי האָבן אָנגעטון די תפילין איבערן שטערן און אויף דער לינקער האנט, די האנט, וואָס גע־פינט זיך נאָענט צום הארץ. דערנאָך האָבן זיי זיך אויסגעדרייט צו מזרח, אין דער זייט, ווו עס געפינט זיך ירושלים און געזאָגט א לויב צו גאָט, וואָס האָט באשאפן די וועלט, און אים געריהמט מיט די אכצן ברכות. זיי האָבן שטיל געזונגען און געמורמלט, הין און צוריק באוועגנדיק דעם קערפּער אין ריטם פון די רייד. דאָס יינגל האָט נישט אלע ווערטער געקענט פארשטיין, אָבער עס האָט גע־זעען די התלהבות, מיט וועלכער די עלף זקנים האָבן זיך געוויגט אין דעם צעווארעמטן געזאנג, פונקט ווי פריער דאָס געשטרייך אין נאָטס ווינט. נאָך דעם פארענדיקטן געבעט האָבן זיי צוריק איינגעוויקלט די טליתים מיט די תפילין און ווידער זיך געגרייט אין וועג אריין. עלטער האָבן זיי אצינד אויסגעזעען, די אלטע, אין דעם ביסלעכווייז אויפגייענדיקן ליכט, בולטער האָבן זיך אָנגעזעען די קנייטשן אין זייערע שטערנס און טונקלער די שאָטנס ארום אויגן און מויל: גלייך ווי זיי וואָלטן געקומען פון זייער אייגענעם טויט; מידע און אָפּגעשוואכטע האָבן זיי זיך צוזאמען מיט דעם

קינד ווייטער געשלעפּט דעם לעצטן, דעם ווייטיקלעכסטן רעשט פון זייער וועג.

* *
*

העל און הייס האָט געברענט דער איטאַלישער פרימאָרגן, ווען די עלף זקנים מיט דעם קינד זענען אָנגעקומען צום האפן פון פּאָרטוס, ווו דער טיבער גיסט מיד און אָן חשק זיין געלן שטראָם אין ים אריין. זייער ווייניק שיפן פון די וואנדאלן האָבן נאָך גע־ווארט אין אנקערפּלאַץ, איינע נאָך דער אנדערער זענען זיי אָפּ־געשווומען פון ברעג, דעם מאסט זיגעריש באפּוצט מיט דער פאָן און דעם ברייטן בויך אָנגעשטאָפּט מיט מלחמה־רויב; ענדלעך איז בלויז איין איינציקע נאָך געבליבן פאראנקערט ביים ברעג און האָט גיריק אריינגעפּרעסן אין זיך פון די איבערפולטע וועגענער די לעצטע רעשטן פון רוימישן רויב. וואָגן נאָך וואָגן איז גע־האַרכזאם צוגעפאָרן צום אויסלאָדן און יעדעס מאָל האָבן די שקלאפן איבער א הילצערנעם טרעפּלייטער געטראָגן אויף זייערע ברוינע אקסלען אָדער הויכגעלאָדן אויפן קאָפּ די שווערע משאות צו דער שיף ארויף, קאסטנס און קופערטן מיט גאָלד און קריגן מיט וויין. אָבער וויפל זיי האָבן זיך נישט געזאָלט איילן, איז זייער ארבעט נאָך אלץ נישט געווען גענוג שנעל פאר דעם אומגעדולדיקן האר פון דער שיף. האָבן דעריבער די אויפזעער פון די וואנדאלן מיט ביימשן אונטערגעטריבן די שקלאפן צו א כסדר שנעלערן גאנג. ענדלעך האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר דער שיף דער לעצטער וואָגן. עס איז געווען יענער, נאָך וועלכן די עלף זקנים מיט דעם קינד זענען נאָכגעגאנגען די גאנצע לאנגע נאכט און אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען די מנורה. ער איז נאָך געווען צוגעדעקט מיט שטרוי און טיכער, אָבער מיט ברענענדיקע בליקן האָבן די זקנים געקוקט אהין צו דעם הויך אָנגעלאָדענעם וואָגן און מיט א ציטערן געווארט, מען זאָל אים אָפּדעקן. אצינד האָט געדארפט קומען די

מינוט פון אנטשיידונג, אצינד אָדער קיינמאָל נישט מוז דער נס געשעעז.

דאָס יינגל האָט אָבער נישט געקוקט אהין מיט זיי. ווי פאַר־כשופט האָט ער געגלאָצט אויפן ים, וועלכן ער האָט צום ערשטן מאָל געזעען. פאַר זיינע אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט א בלויער אומענדלעכער שפּיגל, שטראַלנדיק געוועלבט, ביז צו דעם שאַרפן שטריך, וווּ דאָס וואַסער באַרירט דעם הימל. און נאָך ווייטער האָט זיך אים דער ריזיקער שטח אויסגעוויזן, ווי דער קופּאָל פון דער נאַכט, ווּ ער האָט צום ערשטן מאָל דערזעען דעם פולן קרייז פון די שטערן אין דעם אויסגעוועלבטן הימל. ער האָט א פאַרכשופּ־טער זיך צוגעקוקט, ווי די כוואַליעס האָבן געשטיפּט מיטאַנאַנדער, ווי איינע האָט די אַנדערע נאָכגעיאָגט און געשטויסן, ווי איינע האָט א שפּרונג געטון איבערן רוקן פון דער אַנדערער און איז דערנאָך מיט א שטיל, שטיפערישׂ צעלאָזן געלעכטער א צעשוימטע אַנטלאָפן, כדי ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל זיך צו פאַרמירן, און ער האָט דערפילט אין דעם דאָזיקן מחיהדיקן שפּיל אזא נחת רוח, וועגן וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט געוואגט צו חלומען אין דעם אייביקן חשכות פון זיין אָרים און ענג געסל. זיין דאַרע קינדערישע ברוסט איז ווי פונאַנדערגעוואַקסן און פול געוואָרן מיט א באַגער צו ווערן גרויס און שטאַרק, כדי אריינצוטרינקען אין זיך וועלט און לופט און צו דערשפּירן דעם אָטעם פון דער דאָזיקער פרייד, ביז אין דער טיפעניש פון זיין יידיש צעשראָקן בלוט. דאָס אַנט־ציקטע קינד האָט געפילט א געוואַלדיקן חשק צוצוגיין האַרט צום וואַסער און די אָרעמס אויסצושפּרייטן, די קליינע אָרעמס, כדי כאָטש א לייכטן לופטהויך פון דער דאָזיקער אומענדלעכקייט צו־צודריקן צום אייגענעם לייב. און אינערלעך דערהויבן, האָט ער ביים אָנבליק פונם דאָזיקן שיינעם און לויטערן זיך געפילט באַ־גליקט, ווי נאָך קיינמאָל נישט; אח ווי האַרציק איז דאָ אַלץ גע־ווען, ווי פריי און אָן שום מורא! ווי ווייסע פיילן האָבן די מעוועס

זיך אלעמאָל א לאָז געטון אראָפּ און ווידער ארויף, ווייך און זיידן האָבן די שיינע שיפן אויפגעבלאָזן זייערע זעגלען אין ווינט. און פלוצלינג, בעת דאָס יינגל האָט מיט פארמאכטע אויגן צוריקגע־בויגן דאָס קליינע קעפּל, כדי טיפער אין זיך איינצוטרינקען די געזאלצן קילע לופט, איז אים געקומען אויפן זינען דאָס ערשטע וואָרט, וואָס ער האָט געלערנט: אין אָנהויב האָט גאָט באשאפן דעם הימל און די ערד. און צום ערשטן מאָל איז גאָטס נאָמען, וועלכן די זקנים האָבן נעכטן ארויסגערעדט, געוואָרן פאר אים אָנגעפּולט מיט זין און געשטאלט.

א געשריי האָט אים אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות. די עלף זקנים, זיי האָבן עס אצינד געשריגן, ווי פון איין מויל ארויס און באלד האָט ער זיך א לאָז געטון צו זיי. מען האָט ערשט געהאט אראָפּגעריסן די טיכער פון דעם לעצטן וואָגן, און ווען די בער־בערישע שקלאפן האָבן זיך איינגעבויגן, כדי ארויסצושלעפּן א זילבערנע סטאטוע פון הערא — א משא פון א סך צענטנער — האָט איינער פון זיי מיטן פוס א שטופּ געטון אין א זייט אוועק די מנורה, וואָס איז אים געווען אין וועג. די מנורה האָט זיך א שטארקן וואקל געטון און זיך אראָפּגעקייקלט פון וואָגן אויף דער ערד. אן אויסגעשריי פון שרעק האָט זיך ארויסגעריסן ביי די אלטע פון דער ברוסט, בעת זיי האָבן געזען, ווי דער געטלעכער צייכן, וואָס משה האָט געזען, וועלכן אהרן האָט געהייליקט, וועלכער איז געשטאנען אין בית שלמה, וואלגערט זיך אצינד אין מיסט, פארשוועכט דורך שמוץ און שטויב. די נעגער־שקלאפן האָבן פאר־וואונדערטע אָנגעשטעלט נייגיריקע בליקן ביי יענעם פלוצלינגן אויסגעשריי. זיי האָבן נישט פארשטאנען, פארוואָס די דאָזיקע נארישע ווייסבערדיקע אלטע לייט האָבן ארויסגעלאָזט אזא שארף געשריי און זיך אָנגעכאפּט איינער דעם אנדערן ביים אָרעם — א צאפּלדיקע קייט פון ווייטיק: מען האָט דאָך זיי קיין שום שלעכטס נישט געטון. אָבער שוין האָט דעם אויפזעערס בייטש געקנאקט

אויף זייער נאַקעט לייב און זיי האָבן ווידער קנעכטיש איינגע־גראָבן זייערע אָרעמס אין דעם שטרוי פון וואָגן. אַרויסציענדיק אַצינד אַ מצבה־שטיין פון שימערנדיקן פּאָרפיר און דאַן ווידער אַ מעכטיקע סטאַטוע, וועלכער מען האָט פאַרוואָרפן אַ שטריק אויפן האַלז און איינעם אויף די פּיס און ווי אַ געשאָכטענע חיה געשלעפּט דורך דער שמאָלער לייטער אַרויף צו דער שיף. שנעל, וואָס אַמאָל שנעלער איז די טיפעניש פון וואָגן אויסגעליידיקט געוואָרן. בלויז די מנורה, די אייביקע, איז נאָך אַלץ געלעגן אומ־באַמערקט אונטערן וואָגן, האַלב פאַרשטעלט דורך אַ ראָד. און די זקנים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן איינער אָן אַנדערן, האָבן געציטערט אין איין איינציקער פיבערדיקער האָפענונג: אפשר וועלן דאָך די רויבער אין זייער איילעניש פאַרגעסן אָן דער מנורה. אפשר וועלן זיי זי פאַרזעען. אפשר וועט נאָך אַצינד, אין דער לעצטער רגע דאָס נס פון רעטונג געשעען.

אָבער מיטאַמאָל האָט איינער פון די שקלאַפן באַמערקט די מנורה, זיך איינגעבויגן נאָך איר און זי אַ נעם געטון אויף די אַקסלען. לויטער האָט די אינדערהויך אויפגעהויבענע געגליט קיגן דער זון, זי האָט געפלאַמט און געמיניעט און עס האָט זיך אויס־געדאַכט, ווי זי וואָלט נאָך ליכטיקער געמאַכט דעם טאָג; צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן די זקנים אָנגעקוקט דאָס פאַרלוירענע הייליקטום פון זייער פאָלק, אָבער וויי, אין דער זעלבער רגע, ווען זיי האָבן עס דערזעען, איז עס ווידער אַוועק אין דער פרעמד! מיט ביידע הענט, דער רעכטער און דער לינקער, האָט דער ברייטפּלייציקער נעגער אונטערגעשפּאַרט די גאָלדענע מנורה, כדי די שווערע גאָלדענע משא אין גלייכגעוויכט צו האַלטן, בעת ער איז אַרויף אויף דער זיך וואַקלענדיקער שיף־לייטער: פיר, פינף טריט נאָך און דאָס הייליקטום וועט פאַרשווינדן ווערן אויף אייביק. ווי צוגעצויגן דורך אַ געהיימער קראַפט, האָבן די עלף זקנים, האַלטנדיק איינער דעם אַנדערן, זיך צוגעשאַרט, ביז צו דער

שיף־לייטער, די אויגן האלב בלינד פון טרערן און צוזאמען מיט צעטומלטע ווערטער איז זיי סלינע געפלאָסן פון מויל. ווי שכורע האָבן זיי זיך נאָכגעשלעפּט, מיט א לעכצנדיק מויל, מיט א לעכצנ־דיקן בליק, כדי כאָטש דורך א פרומען קוש צו באַרירן די הייליי־קייט. בלויז איינער, רבי עליעזר, איז געבליבן קלאָר אפילו אינ־מיטן זיינע יסורים. ער האָט האסטיק, מיט א שטארקן דרוק א נעם געטון דעם קינדס האנט, אז עס האָט שעור נישט אויסגעשריגן פאר ווייטיק.

„קוק, קוק! דו וועסט זיין דער לעצטער עדות, וואָס האָט אונזער הייליקייט געזעען! דו וועסט זיין אן עדות, ווי זיי האָבן עס גענומען, ווי זיי האָבן עס גערויבט!"

דאָס קינד האָט נישט פארשטאנען די ווערטער, אָבער עס האָט טיף ביזן בלוט געפילט דעם ווייטיק פון די אלטע לייט און געשפּירט, אז דאָ איז אן אומרעכט געשעען. א צאָרן, א קינדישער צאָרן איז ברענענדיק דורכגעלאָפן זיין לייב. נישט וויסנדיק, וואָס עס טוט, האָט דאָס קינד, דאָס זיבניעריקע, זיך א רים געטון פון אָרט און א שפּרונג געטון צו דעם נעגער, וואָס האָט אין דער רגע געהאט באטרעטן די שמאָלע הילצערנע לייטער, געבויגן אונטער דער שווערער משא. ניין, ער טאָר דאָס נישט אוועקנעמען, דער דאָזיקער פרעמדער מענטש! זינלאָז האָט דאָס קינד זיך א וואָרף געטון אויף דעם קרעפּטיקן מאן, כדי ביי אים דעם רויב ארויס־צורייסן.

דער שווער באלאָדענער שקלאַף האָט זיך א וואקל געטון דורך דעם פלוצלינגן שטויס פון הינטן. עס איז נאָר בלויז געוועזן א קינד, וואָס האָט זיך אָן זיין אָרעם אָנגעהאנגען, אָבער אליין זיך האלטנדיק מיט מי אין גלייכגעוויכט אויף דעם צעוויגטן שמאָלן ברעט, האָט דער שקלאַף א צאפּל געטון און אנידערגע־פאלן, מיטשלעפּנדיק מיט זיך דאָס קינד. דערביי האָט זיך אים אראָפּגעגליטשט די מנורה. מיט א שווערן קלאַפּ איז זי מיט איר

גאנצער משא ארויפגעפאלן אויף דעם רעכטן אָרעם פון דעם מיט־געשלעפטן קינד. א שרעקלעכן ווייטיק האָט דאָס יינגל מיטאמאָל דערשפירט, גלייך ווי פלייש און ביין וואָלטן אים צעשטיקלט און צעריבן געוואָרן. ער האָט ארויסגעלאָזט א יאָמערלעך געשריי. אָבער דאָס געשריי איז פארהילכט געוואָרן דורך א פלוצלינגען אויפברויז פון קולות. אלע האָבן אצינד געשריגן צוזאמען: די זקנים, פארציטערט פון דער עבירה, וואָס די מנורה וואלגערט זיך ווידער אין מיסט; פון די שיפן ווידער האָבן צאָרניק געליארמט די וואנדאלן. שנעל איז דער אויפזועער צוגעשפרונגען און מיט דער בייטש צוריקגעטריבן די שרייענדיקע זקנים. דערווייל איז שוין דער שקלאַף געהאט אויפגעשטאנען א פארביטערטער, ער האָט מיטן פוס אַפגעשטויסן דאָס קרעכצנדיקע קינד, ווידער אַנגעלאָדן אויף די אקסלען די מנורה און זיך אצינד א לאָז געטון מיט איר גיך, ווי אן אנטלויפנדיקער, איבער די לייטער־טרעפלעך ארויף צו דער שיף.

די עלף זקנים האָבן זיך נישט אומגעקוקט אויפן קינד. קיינער האָט נישט באמערקט, אז עס ליגט מיט א צעבראָכענער האנט. זייערע בליקן זענען בלויז געווען אָנגעשטעלט אויף דער מנורה, וואָס דער שקלאַף האָט געטראָגן אויף זיינע אקסלען איבער די לייטער־טרעפלעך, די זיבן בעכערס אירע אויפגעהויבן צו גאָט, ווי א קרבן; מיט פחד האָבן זיי צוגעקוקט, ווי אויפן דעק האָבן פרעמדע גלייכגילטיקע הענט זי אָנגענומען און א וואָרף געטון צו די אנדערע גערויבטע זאכן. באלד האָט זיך דערהערט א שארפער פייף, די קייט האָט מיט געבראזג אויפגעהויבן דעם אנקער, און אונטן, אין דעם נישט זעבארן הלל, ווו די גאלערן־שקלאפן זענען מיט קייטן געווען צוגעשמידט צו זייערע בענק, האָבן פערציק רודערס זיך א צי געטון אין א גלייכער באוועגונג, פאָראויס און צוריק, פאָראויס און צוריק. האסטיק איז די שיף א שפרונג געטון פאָראויס. א ווייסע שוים איז דורכגעלאָפן איבערן קיל און באלד האָט זי רוישנדיק זיך אָנגעהויבן צו גליטשן איבערן וואסער; שוין

האָט זיך איר ברוין לייב געוויגט אויף די כוואַליעס, אויפהויבנדיק זיך און ווידער צוריק אראָפּזינקענדיק, גלייך זי וואָלט געאָטעמט און געלעבט. מיט אויפגעצויגענע זעגלען האָט די שיף זיך אוועק־

געלאָזט פון ברעג אין דעם אָפענעם, אומענדלעכן ים.

די עלף זקנים האָבן מיט פארגליווערטע בליקן נאָכגעקוקט דער זיך דערווייטערנדיקער שיף. זיי האָבן זיך ווידער אָנגענומען ביי די הענט און געציטערט — א קייט פון גרויל און ווייטיק. אלע האָבן שטיל אין זיך געהאָפט, נישט ארויסזאָגנדיק דאָס איינער פארן אנדערן, אז אין דער גאָר לעצטער רגע וועט א נס געשען. אָבער לייכט און געגלעט דורכן צערטלעכן ווינט האָט די שיף זיך געגליטשט איבערן וואסער, און וואָס קלענער עס זענען געוואָרן אירע קאָנטורן אין דער ווייטקייט, אלץ ווייטיקלעכער איז צעגאנגען די האָפנונג אין זייערע הערצער און זיך פארלוירן אין דעם ריזיקן ים פון זייער טרויער. שוין האָט די שיף אויסגעזען אזוי קליין, ווי די פליגלען פון א מעווע און ענדלעך — די טרערן האָבן פארטונקלט זייערע אויגן — איז מער נישט געבליבן, ווי א ליידיקע בלויקייט. פארשוואונדן יעדע האָפנונג! ווידער האָט די מנורה אוועקגעוואנדערט אין דער פרעמדער ווייטקייט, אייביק וואנדערנדיק, אייביק פארלוירן!

אצינד ערשט, אָפּווענדנדיק די אויגן פון ים, האָבן זיי זיך דערמאנט אָן יינגל, וואָס איז קרעכצנדיק געלעגן מיט א צעשמעט־טערטער האנט אויפן אָרט, ווו די מנורה האָט פאלנדיק אים אומ־געוואָרפן. זיי האָבן אים אויפגעהויבן א צעבלוטיקטן און ארויפ־געלייגט אויף א טראָגבעטל. אלע האָבן זיך טיף געשעמט, וואָס דאָס דאַזיקע יינגל האָט אין זיין תמימות געטון א זאך, וואָס קיי־נער פון זיי, די דערוואקסענע, האָט נישט געוואגט צו טון, און אבטליון האָט מורא געהאט פאר די פרויען, ווייל ער וועט אצינד פאר א בעל מום אהיימברענגען דאָס אייניקל צו דער מוטער און טאָכטער. בלויז רבי אליעזר, דער קב ונקי, האָט זיי געטרייסט:

„קלאָגט נישט און באַוויינט אים נישט. דערמאָנט אייך אָן דער שריפט, ווי גאָט האָט טויטגעשלאָגן דעם מאַן, וואָס האָט מיט דער האַנט באַרירט דעם אָרון, כדי אים אונטערצוהאַלטן. וואָרום גאָט וויל נישט, מען זאָל די הייליקייטן אָנרירן מיט הענט פון פלייש און בלוט. דאָס דאַזיקע קינד אָבער האָט ער געשוינט און בלויז די האַנט אים צעשלאָגן. אפשר שטעקט א ברכה אין דעם דאַזיקן ווייטיק און א רוף".

דערנאָך האָט ער זיך צערטלעך אַראָפּגעבויגן איבער דעם קרעכצנדיקן קינד: „וואַרף נישט אַוועק דיין ווייטיק, נאָר נעם אים אויף אין זיך. אויך דער דאַזיקער ווייטיק איז א ירושה. וואָרום נאָר אין ליידן לעבט זיך אויס אונזער פאָלק, נאָר אין נויט באַווייזט זיך זיין שעפערישער כח. א גרויסע זאַך איז מיט דיר געשען, וואָרום דו האָסט א הייליקייט באַרירט. בלויז דיין גוף איז באַשעדיקט געוואָרן, נישט דיין לעבן. אפשר ביסטו דורך די דאַזיקע יסורים אויסדערוויילט געוואָרן און א זין איז פאַרבאָרגן אין דיין גורל".

דאָס יינגל האָט אַרויפגעקוקט צו אים, גלויביק און גע־שטאַרקט. דער שטאָלץ, וואָס דער רבי האָט אים אַרויסגעוויזן אזוי פיל כבוד, איז מעכטיקער געווען, ווי דער ברענענדיקער ווייטיק. און קיין קרעכץ איז שוין נישט אַרוים פון זיינע ליפּן, ביז מען האָט אים אַהיימגעבראַכט, מיט א צעבראָכענער האַנט, אין די עלטערנס הויז.

* *
*

אומרואיק זענען פאַרלאָפן די יאָרן אין דער רוימישער מלוכה, זינט יענער וואַנדאַלישער נאַכט און עס איז געשען אין איין איינציקן דור מער, ווי עס געשעט געוויינלעך אין זיבן דורות. און אַנדערער קיסר איז געוואָרן הערשער אין רוים און דערנאָך ווידער

אן אנדערער און שפּעטער ווידער אן אנדערער. איינער האָט גע־הייסן אוויליוס, די אנדערע מאַיאָראַנוס און ליביוס סעווערוס און אנטעמיוס. איינער האָט דערהרגעט אָדער פאַרטריבן דעם אנדערן, ווידער האָבן גערמאַנישע פעלקער זיך אריינגעריסן אין דער שטאָט און זי אויסגערויבט. ווידעראַמאָל זענען (און נאָך אלץ איז דאָס געווען אין דער לעבנסצייט פון איין איינציקן דור) אויפגע־שטאַנען אנדערע מלכים און ווידער אראָפּגעזעצט געוואָרן און לסוף די לעצטע רוימישע מלכים, ליצעריוס און יוליוס נעפּאָס און ראָמולוס אַאוגוסטולוס, ביז אָדאָאקער און טעאָדעריך, די גאָטנ־קעניגן, האָבן איבערגענומען די הערשאַפט. אָבער אויך די דאָזיקע גאָטישע מלוכה, וואָס אירע קעניגן האָבן געמיינט, אז זי וועט, דורך דיסציפּלין פאַרהאַרטעוועט און דורך וואָפן באַפעסטיקט, זיך האַלטן לאַנגע דורות, אויך די דאָזיקע איז געפאַלן און אונטערגע־גאַנגען אין משך פונם דאָזיקן איינעם דור. בעת אין צפון האָבן פעלקער געוואַנדערט און זיך געזאַמלט און אויף יענער זייט ים אין ביזאַנץ איז א נײַ רוים אויפגעשטאַנען; עס האָט אויסגעזען, ווי פון יענער נאַכט אָן, זינט די מנורה האָט אוועקגעוואַנדערט דורך דער פּאָרטאַ פּאָרטועסים, האָט שוין מער נישט געקאָנט זיך האַלטן קיין פרידן און קיין מנוחה אין דער טויזנטיעריקער זיבער־שטאָט.

אלע עלף זקנים, וואָס האָבן די מנורה באַגלייט אויף יענער לעצטער וואַנדערונג אירער, האָט שוין דער טויט לאַנג צו זיך גע־נומען, אויך זייערע קינדער זענען שוין געווען אין קבר און די אייניקלעך זענען שוין געוואָרן זקנים. עס האָט אָבער נאָך אלץ געלעבט דער דאָזיקער איינער, בנימין, אבטליונס אייניקל, דער עדות פון יענער וואַנדאַלישער נאַכט. פון דעם אמאָליקן קינד איז געוואָרן א יונגער בחור, פון דעם יונגן בחור א מאַן, פון דעם מאַן א זקן. זיבן פון זיינע זין זענען אים שוין געהאַט געשטאָרבן און איינס פון זיינע קינדסקינדער איז דערהרגעט געוואָרן, בעת דער

המון האָט אין טעאָדאָריכס צייטן פאַרברענט דאָס בית הכנסת. ער אָבער, מיט א צעשמעטערטער האַנט, האָט נאָך אַלין געלעבט; פּונקט ווי דער שטורעם אין וואַלד רייסט אַרויס די ביימער אויף רעכטס און לינקס, איינער אָבער, דער שטאַרקסטער, בלייבט אי־בער אַליין, אַזוי האָט דער דאָזיקער זקן איבערגעלעבט די צייטן און האָט געזעען מלכים שטאַרבן און מלוכות אונטערגיין; אים אַליין בלויז האָט דער טויט דורך אַרצדיק אויסגעמיטן און זיין נאָמען איז געוואָרן גרויס און כמעט הייליק צווישן די יידן אויף דער וועלט. בנימין מר נפש האָט מען אים צוליב זיין צעבראָכע־נער האַנט גערופן, וואָס מיינט צו זאָגן: דער מענטש, וועלכן גאָט האָט ביטער געפּרוּווט. און קיינעם האָט מען נישט צוגעטיילט אַזאַ כבוד, ווי אים. וואָרום ער איז דער לעצטער געווען און דער איינ־ציקער, וואָס האָט מיט די אייגענע אויגן געזעען די מנורה פון משה, די מנורה פון בית שלמה, די מנורה, וואָס ליגט אצינד א פּאַריתומטע פון איר ליכט, א פאַרחושכטע פאַרגראָבן אין שאַצ־קאַמער פון די וואַנדאַלן. ווען עס פלעגן קומען קיין רוים סוחרים פון ליוואָרנאָ און גענוא און סאַלערן, פון מאַינץ און טריער און פון די לעוואַנטינישע לענדער, זענען זיי קודם כל געגאַנגען צו אים אַהיים, כדי מיט די אייגענע אויגן אָנצוקוקן דעם מאַן, וואָס האָט מיט זיינע אויגן געזעען די הייליקייט פון בית המקדש. ווי פאַר א הייליקן האָבן זיי זיך מיט יראת הכבוד געבוקט פאַר דעם זקן, מיט א געפיל פון אימה האָבן זיי געבליקט אויף דער געליימטער האַנט און מיט די פינגער אָנגעטאַפּט דעם אָרעם, וועלכן די געט־לעכע מנורה האָט אַמאָל באַרירט. און הגם יעדער פון זיי האָט געוווּסט — וואָרום אין יענע צייטן פלעגט דאָס גערייד זיך פלינק פונאַנדערטראָגן איבער דער וועלט, ווי היינט די שריפט — וואָס מיט בנימין מר נפש האָט געטראָפן אין יענער וואַנדאַלישער נאַכט, פלעגן זיי אים דאָך בעטן, אַז ער זאָל נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפסניי דערציילן וועגן דער וואַנדערונג פון יענער נאַכט. און דער זקן פלעגט תמיד מיט דעם זעלבן געדולד יעדעס מאָל דערציילן,

ווי מען האָט די מנורה אוועקגעפירט, און פון דער געדיכטעניש פון זיין באָרד פלעגט ארויסגיין א גלאַנץ. בעת ער האָט איבערגע־געבן, וואָס רבי אליעזר, דער קב ונקי — ער איז שוין לאנג אויפן עולם האמת — האָט אים דעמאָלט אָנגעזאָגט. נישט אריינצופאלן אין יאוש, האָט ער זיי אויפגעמונטערט, וואָרום נאָך איז די וואנ־דערונג פונם הייליקן צייכן נישט פארענדיקט; צוריקקערן וועט די מנורה קיין ירושלים און ווידער אויפשטיין וועט דאָס קיניגרייך פון ציון. און אלע פלעגן אוועקגיין פון אים געטרייסט און אין זייערע תפילות האָבן זיי דערמאנט זיין נאָמען, אז ער זאָל נאָך לאנג בלייבן מיט זיין פאָלק, ער, דער טרייסטער, דער עדות, דער לעצטער, וואָס האָט נאָך די הייליקייטן פון בית המקדש געזעען.

און בנימין, דער ביטער געפרוווטער, דאָס קינד פון יענער לאנג שוין פארגאנגענער נאכט, איז אלט געוואָרן זיבעציק יאָר און אכציק און פינף און אכציק און זיבנאונאכציק. זיינע פלייצעס זענען ביסלעכווייז געוואָרן איינגעבויגן אונטער דער משא פון צייט, די אויגן זענען אים שוואך געוואָרן, און טיילמאָל פלעגט אים א מידקייט באפאלן אינמיטן העלן טאָג. אָבער קיינער פון די יידן אין רוים האָט זיך נישט געוואָלט צוגלויבן, אז דער טויט קאָן האָבן איבער אים א שליטה, וואָרום זיין דאָזיין איז געווען פאר זיי, ווי א משכון אויף א גרויס געשעעניש. ווי אן אוממעגלעכע זאך האָט זיך יעדן אויסגעוויזן, אז די דאָזיקע אויגן, וואָס האָבן די געטלעכע מנורה געזעען, קענען פארלאָשן ווערן, איידער זיי וועלן האָבן דערלעבט איר צוריקקער אהיים און ווי א צייכן פון געטלעכן ווילן האָבן זיי אָפּגעהיטן זיין עקזיסטענץ. עס איז נישט געווען קיין שום יום טוב אָן אים און קיין שום צבור־זאך אָן זיין נאָמען. ווען ער פלעגט זיך באווייזן, האָבן זקנים זיך פרום געבוקט פאר אים, דעם עלטסטן, יעדער פלעגט אים נאָכזאָגן א ברכה, ווען ער איז פארבייגעגאנגען, און ווו מען פלעגט זיך נאָר צוזאמענ־

קומען, סיי אין טרויער, סיי אויף א שמחה, איז דער אויבנאָן ביי זייער טיש תמיד געווען פאר אים באשטימט.

*　*

*

אזוי האָבן די יידן פון רוים אָפגעגעבן כבוד צו בנימין מר נפש, ווי דעם עלטסטן און חשובסטן פון דער קהלה אויך דאָס מאָל, בעת זיי האָבן זיך, לויט דעם אלטן מנהג, פארזאמלט אויפן בית עולם אין דעם טרויעריקסטן טאָג פון יאָר, אין תשעה באב, דעם טאָג פון חורבן ירושלים, דעם פינסטערן געדענקטאָג, וואָס האָט זייערע עלטערן געמאכט היימאטלאָז און ווי זאלין צעשפרייט אי־בער די לענדער פון דער וועלט. נישט אין זייער געבעטהויז זענען זיי געזעסן, דאָס דאָזיקע איז ערשט נישט לאנג דורכן פיינטלעכן המון געשענדעט געוואָרן, נייערט נאָענט פון זייערע טויטע האָבן זיי געוואָלט זיין אינם דאָזיקן טאָג פון חורבן און טויט; מחוץ דער שטאָט, ווו זייערע עלטערן זענען באגראָבן אין פרעמדער ערד, האָבן זיי זיך פארזאמלט, כדי די אייגענע פרעמדקייט אויסצוויינען איינער פארן אנדערן. צווישן די קברים זענען זיי געזעסן און טייל אויף לאנג שוין צעבראָכענע מצבות, נאָענט פון זייערע עלטערן, פון וועלכע זיי האָבן גערירשנט אויך דעם טרויער, און געלייענט אויף די מצבות די נעמען און שבחים פון זייערע אבות. אין טייל מצבות זענען איבער די נעמען געווען אויסגעקריצט בילדלעכע צייכנס, צוויי פונאנדערגעשפרייטע הענט, דער צייכן פון כהונה, אָדער דער קרוג צום וואשן, דער צייכן פון די לוים, אָדער א לייב, אָדער א מגן דוד. אויף איינער פון די שטייענדיקע מצבות איז געווען אויסגעקריצט א מנורה מיט זיבן רערן, וואָס דאָס האָט גע־מיינט צו ווייזן, אז דער רוענדיקער דאָ אין אייביקן שלאָף איז געווען א גרויסער תלמיד חכם און א ליכט אין ישראל. פאר דער דאָזיקער מצבה און דעם בליק צו איר געווענדט איז געזעסן בנימין מר נפש ארומגערינגלט פון אנדערע, מיט אש באשאָטן דעם

קאָפּ און די קליידער צעריסן, אזוי ווי ביי די אנדערע, וואָס האָבן, ווי ווערבעם זיך געבייגט און געבויגן איבער די שווארצע וואסערן פון זייער טרויעריקייט.

עס איז געווען שפּעט נאָכמיטאָג. די זון האָט זיך ווארעם אראָפּגעלאָזט צו די פּיניען און ציפּרעסן. בונטע שמעטערלינגען זענען זשומענדיק ארומגעפלויגן צווישן די זיצנדיקע יידן, ווי ארום פרוכטבעדיקע בוימער־שטאמען. פעלד־גרילן מיט רעגנבויגנפארביקע פליגלען האָבן זיך אומבאוועגלעך אוועקגעזעצט אויף זייערע איינגעבויגענע רוקנס און אין שפּעדיקן גראָז האָבן זיך די זשוקעס געשפּילט ארום זייערע שיך. צווישן די גאָלדן־גלאנציקע בלעטער האָט געווייעט א בשמימדיקער ווינט, עס איז צוגעפאלן א סאמעט ווייכער אָוונט. אָבער די יידן האָבן נישט אויפגעהויבן זייערע אויגן און עס איז זיי נישט גרינגער געוואָרן די הערצער. זיי זענען וואָס אמאָל אויפסניי ארייננגעפאלן אין טרויער. וואָס אמאָל אויפסניי זיך דערמאנענדיק די נידערשלאָגנקייט פון זייער פאָלק אין א בשותפותדיקן ווייקלאָגן. זיי האָבן נישט געגעסן, זיי האָבן נישט געטרונקען, זיי האָבן נישט געווענדט דעם בליק צו דער ליכטיקייט פון טאָג; בלויז די קלאָגגעזאנגען האָבן זיי פאַרגעלייענט איינער דעם אנדערן, אין וועלכע עס דערציילט זיך וועגן חורבן פון בית המקדש און פון ירושלימס אונטערגאנג. און הגם יעדעס וואָרט פון די דאָזיקע ווייטיקדיקע געזאנגען איז שוין געווען איינגעברענט טיף אין זייער בלוט, האָבן זיי עס ווידעראמאָל און ווידעראמאָל פאָרגעלייענט, כדי שארפער צו מאכן דעם ווייטיק און צו פילן, ווי ער צעשניידט ווידער און ווידער זייער הארץ. זיי האָבן קיין זאך נישט געוואָלט פילן, א חוץ ווייטיק אין דאָזיקן פינסטערן טאָג. האָבן זיי דעריבער צו זייער אייגענעם צער און נויט נאָך דערמאנט די ליידן און פּיין פון די טויטע; דעם גאנצן שווערן גורל פון זייער פאָלק און די ליידן פון פארגאנגענע צייטן האָבן זיי זיך אויפסניי דערציילט איינער דעם אנדערן. און פונקט

אזוי, ווי זיי אין רוים, אזוי זענען די יידן אין אלע שטעט און קהילות פון דער וועלט געזעסן מיט אש באשיטע קעפּ און אין צע־ריסענע בגדים ביי די קברים און געזאָגט און געלייענט פון איין עק וועלט ביז צום אנדערן די זעלבע קינות אין דער זעלבער שעה. די איכה־קינות פון ירמיהו, ווי אזוי, די טאָכטער ציון איז געפאלן און געוואָרן צו שאנד און צו שפּאָט ביי די פעלקער. און זיי האָבן געוווּסט, אז דער דאָזיקער צער און דאָס דאָזיקע וויקלאָגן אויף דעם געמיינזאמען גלות איז זייער איינציקע בשותפותדיקייט אויף דער וועלט.

בעת זיי זענען אזוי געזעסן און געמורמלט און געקלאָגט און זיך די הערצער באשווערט מיט דעם ווייטיק פון דער דערמאָנע־רונג, האָבן זיי נישט באמערקט, ווי די זון איז געוואָרן וואָס אמאָל גאָלדענער און די טונקעלע שטאמען פון די פּיניען און ציפּרעסן האָבן אָנגעהויבן רויטלעך צו גליען, ווי זיי וואָלטן פון אן אינער־לעך ליכט באשטראלט געוואָרן; זיי האָבן נישט באמערקט, אז דער ניינטער אב, דער טאָג פון גרויסן טרויער, דערנענטערט זיך פּאמעלעך צו זיין סוף און עס קומט אָן די שעה פון לעצטן געבעט. מיטאמאָל האָט זיך אינדרויסן צעסקריפּעט דאָס פארזשאווערטע טויער פון בית עולם. זיי האָבן געהערט, ווי איינער איז אריינגע־קומען, אָבער זיי האָבן זיך נישט אויפגעהויבן און אויך דער פרעמ־דער איז שטיל געבליבן שטיין ווארטנדיק, ביז דאָס געבעט וועט זיך ענדיקן. דאן ערשט האָט דער ראש הקהל געווענדט זיין בליק צו דעם אריינגעקומענעם און אים באגריסט: „ברוך הבא. שלום צו דיר, ייד".

„ברוכים היושבים", האָט דער פרעמדער געענטפערט. און דער ראש הקהל האָט ווייטער געפרעגט:

„פונוואנען קומסטו און פון וועלכער קהלה ביסטו?"

„די קהלה, פון וועלכער איך בין, איז שוין מער נישטאָ; אויף

א שיף בין איך אנטלאָפן פון קארטאגאָ. א גרויסע זאך איז געשען. יוסטיניאן, דער קיסר, האָט פון ביזאנץ געשיקט חילות געגן די וואנדאלן און בעליסאר, זיין פעלדמארשאל, האָט געשטורעמט קארטאגאָ, די פעסטונג פון די פיראטן. געפאנגען איז דער קעניג פון די וואנדאלן, צעשטערט זיין מלוכה. אלץ, וואָס די רויבער האָבן אָנגערויבט, זינט יאָרן און יאָרן, האָט בעליסאר צוגענומען און פירט עס קיין ביזאנץ. די מלחמה איז געענדיקט".

די יידן האָבן געקוקט גלייכגילטיק און שטום, נישט אויפשפייענדיק פון זייערע ערטער. וואָס גייט זיי אָן ביזאנץ, וואָס קארטאגאָ — אדום איז דאָס און עמלק, דער אייביקער פיינט. פון אייביק אָן פירן די אנדערע פעלקער זינלאָזע מלחמות, אמאָל זיגן די, אמאָל יענע און קיינמאָל נישט די גערעכטיקייט. וואָס גייט דאָס זיי אָן? וואָס איז קארטאגאָ, וואָס איז רוים, וואָס ביזאנץ פאר זייער הארץ, וואָס האָט זיך נאָר וועגן איין שטאָט געזאָרגט: ירושלים. נאָר בנימין מר נפש, דער ביטער געפרווּוטער, האָט מיטאמאָל א הויב געטון דעם בליק.

„און די מנורה?"

„זי איז גאנץ. בעליסאר האָט זי גענומען אין מלחמה־רויב. און איך האָב געהערט, אז ער ברענגט זי צוזאמען מיט די אַנדערע אוצרות קיין ביזאנץ".

אצינד ערשט האָבן די אנדערע אויפגעציטערט. אצינד ערשט האָבן זיי פארשטאנען בנימינס פראגע: ווידעראמאָל וועט די הייליקע מנורה וואנדערן אין דער פרעמד. ווי אָנגעצונדענער פעך האָט זיך די דאָזיקע בשורה א גאָס געטון אויף דעם שווארצן בנין פון זייער טרויער. זיי זענען אויפגעשפרונגען פון דער ערד, האָבן זיך א לאָז געטון דורך די קברים און ארומגערינגלט דעם פרעמדן, זיי האָבן געשלוכצט און געוויינט.

„וויי! קיין ביזאנץ!.. ווידעראמאָל איבערן ים!.. ווידער אין

א פרעמד לאנד... נאָכאמאָל וועלן זיי זי שלעפּן אין טריאומף, ווי טיטוס הרשע... תמיד אין א פרעמד לאנד און קיינמאָל נישט קיין ירושלים... וויי, וויי צו אונז!״

עס האָט אויסגעזעען, ווי מען וואָלט מיט אָנגעגליט שטאָל באריִרט אן אלטע וווּנד. וואָרום טיף אין זייערע הערצער האָט ביי אלע געשטעקט אן אומרואיקייט און שרעק; ווען די הייליקייטן האָבן געוואנדערט, האָבן זיי אליין זיך אויך געמוזט ווידער לאָזן אין דער פרעמד, אויפסניי א היימאט זוכן, וואָס איז נישט קיין היימאט. אזוי איז געווען, זינט דאָס בית המקדש איז חרוב גע־וואָרן און וואָס אמאָל איז זייער לעבן אויפסניי געוואָרן חרוב. דער פארגאנגענער ווייטיק און דער נייער האָבן זיך ווילד צונויפ־געמישט. אלע האָבן געשריגן, געשלוכצט און געקלאָגט, און די פייגעלעך, וואָס זענען פרידלעך געזעסן אויף די אוראלטע שטיינער, האָבן זיך אויפגעכאפּט און אנטלאָפן פון דעם צעברויזטן ליארם.

בלויז איינער, בנימין, דער גרייזגרויער זקן, איז שטיל גע־בליבן זיצן אויף דעם מיט מאָך־באוואקסענעם שטיין און האָט גע־שוויגן, בעת די אנדערע האָבן געטומלט און געוויינט. ווי אין א חלום איז ער געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט און שטיל שמייכ־לענדיק געקוקט פאר זיך אויף דער מצבה, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט די מנורה. מיטאמאָל האָט אין זיין געראָנצלטן זקנישן פּנים אויפגעלויכטן עפּעס פון דעם קינד, וואָס ער איז געווען אין יענער נאכט, די קנייטשן האָבן זיך אויסגעגלייכט, די ליפּן האָבן זיך מילד אויסגעבויגן און עס האָט זיך געדאכט, ווי דער שטילער שמייכל וואָלט פון מויל איבערגעגאנגען איבער זיין גאנץ לייב, בעת ער איז אזוי געזעסן אריינגעטון און איינגעהאָרכט אין זיך.

ענדלעך האָט עמעצער באמערקט דעם אלטן און איז פאר־שעמט געבליבן פון דער אייגענער ווילדקייט. מיט יראת הכבוד איז ער שטיין געבליבן און שטיל א ריר געטון זיין שכן. איינער

נאָכן אנדערן זענען זיי אנטשוויגן געוואָרן און האָבן מיט א פאַר־כאַפּטן אָטעם געקוקט אויפן אלטן, וועמעס שמייכל עס האָט זיך, ווי א ווייסער וואָלקן פארבייגעגליטשט איבער זייער פינסטערן ווייטיק. עס איז געוואָרן שטיל, ווי ביי די טויטע אונטער דער ערד, ווי אין די קברים, וועלכע זיי האָבן שטייענדיק ארומגערינגלט.

ערשט דורך דער טויטער שטילקייט האָט בנימין דערשפּירט, אז אלעמענס בליקן זענען געווענדט אויף אים. מיט גרויס מי, וואָרום ער איז שוין געווען זייער שוואך, האָט ער זיך אויפגע־הויבן פון דעם צעבראָכענעם שטיין, אויף וועלכן ער איז געזעסן; אין אלעמענס אויגן האָט ער פּלוצלינג באקומען דאָס אויסזעען פון א גבור, בעת ער איז אזוי געבליבן שטיין, דאָס פּנים ארומ־גערינגלט מיט א זילבערן געשטרייך און די האָר, ווי א ווייסער פלאם פלאקערנדיק ארום דער קליינער ייִדענער קאפּל. זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט אזוי אינערלעך געפילט, ווי אין דער דאָזיקער שעה, אז דער מר נפש, דער ביטער געפרוּווטער, האָט א שליחות אויסצופירן. בנימין אָבער האָט אָנגעהויבן, און די פרומקייט פון א תפלה איז געווען אין זיין וואָרט:

„אצינד ווייס איך, פארוואָס גאָט האָט מיך דערהאלטן ביז צום היינטיקן טאָג. איך פלעג מיך תמיד פרעגן, צו וואָס עס איך נאָך אומזיסט דאָס ברויט, פארוואָס שוינט מיך דער טויט, מיך אויסגעמאטערטן, אומנוצלעכן זקן, וועלכן עס ציט שוין בלויז צו מנוחה און שטילקייט. וואָרום צופיל ליידן האָב איך געזעען אין אונזער פאָלק און עס איז ביי מיר אָפּגעשוואכט געוואָרן דער בטחון. א יאוש האָט מיך שוין געהאט ארומגענומען. אָבער אצינד באגרייף איך, אז איין זאך האָב איך נאָך מתקן צו זיין אין דאָזיקן לעבן. איך האָב דעם אָנהויב געזעען, אצינד רופט מיך דער סוף".

מיט יראת הכבוד האָבן די ארומשטייענדיקע זיך איינגע־האָרכט צו די טונקעלע רמזים פון זיינע רייד. ענדלעך האָט איינער, דער ראש הקהל, שטיל געפרעגט:

„וואָס ווילסטו טון?"

„איך גלויב, אז נאָר דערצו האָט גאָט אזוי לאַנג דערהאלטן מיין לעבן און דאָס ליכט פון מיינע אויגן, כדי איך זאָל נאָך איינ־מאָל זעען די מנורה. איך מוז מיך לאָזן קיין ביזאנץ. אפשר וועט דאָס, וואָס איז דעם קינד נישט געלונגען, די הייליקייט אויסצוּלייזן, אפשר וועט עס דעם זקן געראָטן".

אלע האָבן געציטערט פון צעברויזטקייט און אומגעדולד. עס האָט זיך אפילו יעדן אויסגעוויזן אומגלויבלעך, אז דער דאָזיקער שוואכער זקן זאָל קענען צוריקבאקומען די מנורה פון דעם מעכ־טיקסטן קיסר פון דער וועלט, אָבער דאָך האָט פארכשופט דאָס גלויבן אין א נס. בלויז איינער האָט שרעקעוודיק געפרעגט:

„ווי אזוי וועסטו קענען אויסהאלטן אזא ווייטע רייזע? באַ־טראכט נאָר, דאָס זענען דריי וואָכן אויפן ווינטערדיקן ים. דו ביסט, האָב איך מורא, נישט גענוג שטארק פאר אזא טרחה".

„מען איז תמיד שטארק, ווען עס גייט וועגן א הייליקער זאך. אויך דעמאָלט, ווען זיי האָבן מיך, א קליין קינד, מיטגענומען מיט זיך, האָבן זיי געמיינט, אז דער וועג איז צו ווייט פאר מיר און דאָך בין איך אים דערגאנגען ביזן סוף. בלויז דאָס איינע וועט נויטיק זיין, ווייל איך האָב א צעבראָכענע האנט, אז עמעצער זאָל מיך באגלייטן, א געזונטער און שטארקער, כדי ער זאָל מיר העלפן; און אויך יונג דארף ער זיין, כדי ער זאָל אמאָל זיין אן עדות פארן שפּעטערדיקן דור, ווי איך בין געוואָרן פארן היינטיקן".

ער האָט ווי זוכנדיק א ווענד געטון זיינע אויגן אויף דעם גאנצן קרייז ארום און אָנגעקוקט די יונגעלייט איינעם נאָכן אנ־דערן, ווי ער וואָלט זיי וועלן אויספרוּוון. יעדער האָט אויפגע־ציטערט אונטער דעם דאָזיקן דורכדרינגלעכן בליק און געשפּירט זיין שארפקייט, ביז טיף אין דעם שטיל געבליבענעם הארץ. יעדער האָט זיך געווינטשן, ער זאָל אויסגעוויילט ווערן צו דער דאָזיקער

שליחות, אָבער קיינער איז נישט געווען דרייסט זיך אליין צו מעלדן. אלע האָבן געווארט אין שפאנונג. אָבער דער אלטער האָט אומזיכער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און בלויז געמורמלט:

„ניין, איך וויל נישט אנטשיידן. נישט צו מיר געהערט די אויסוואַל. זאָל מען גורלווארפן. גאָט זאָל מיר דעם ריכטיקן אויסוויילן".

די מענער האָבן זיך אוועקגעשטעלט צוזאמען, ארויסגעריסן שטענגלעך פון צווישן דעם געדיכטן גראָז ארום די קברים, זיי צע־בראָכן אויף גרעסערע און קלענערע שטיקלעך און זיי פונאנדער־געטיילט. דער גורל איז אויסגעפאלן אויף יהויקים בן גמליאל, א צוואנציקיעריקן יונגענמאן, ער איז געווען געוויקסיק און שטארק, א שמיד, אָבער מען האָט אים נישט ליב געהאט. וואָרום ער איז געווען אַ עם הארץ און אן אומגעדולדיקער בטבע. זיינע הענט האָבן בלוט פארגאָסן, ער האָט א סירער אין סמירנא דערהרגעט בעת א מחלוקה און איז אנטלאָפן קיין רוים, איידער די וואכלייט האָבן אים געכאפט. מיט פארדרוס האָבן אלע שטילערהייט זיך געוווּנדערט, וואָס דער גורל איז גראד אויסגעפאלן אויף דעם דאָ־זיקן פארעקשנטן און ווילדן, אָנשטאָט אויף א בכבודיקן און פרומען. דער אלטער אָבער האָט בלויז א לייכטן בליק געטון אויף יהויקימען, בעת ער איז, ווי דער אויסגעוויילטער, ארויסגעטרעטן פאָראויס און אים באפוילן:

„גרייט אלץ צו. מאָרגן אין אָוונט לאָזן מיר זיך אין וועג אריין".

* *

*

דעם גאנצן טאָג נאָך יענעם תשעה באב האָט די רוימישע קהלה פארבראכט אין אויפגערעגטער טעטיקייט. קיינער פון די יידן האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט זיין אייגענעם משא ומתן.

יעדער האָט געברענגט און געזאמלט געלט און די, וואָס זענען געווען אָרים, האָבן געבאַרגט אויף א משכון און די פרויען האָבן אוועקגעגעבן זייערע האלזבענדער. ווארום ביי אלעמען איז וואָס אמאָל מער געוואקסן די זיכערהייט, אז דער דאָזיקער אלטער איז אויסדערוויילט אויסצולייזן די מנורה פון איר נייעם גלות און באַ־וועגן דעם קיסר, ער זאָל, ווי כורש אמאָל, אהיימשיקן דאָס פאָלק מיט די הייליקע כלים צוריק אין דער היימאט. טאָג און נאכט האָבן זיי געשריבן בריוו צו אלע קהילות פון מזרח, קיין סמירנא, און קרעטא און סאלאָניקי, קיין תרשיש, ניקעאַ און טראפעזונט, זיי זאָלן שליחים שיקן קיין ביזאנץ מיט געלט, כדי מען זאָל קענען מקיים זיין די הייליקע מצוה פון פדיון שבויים. זיי האָבן מודיע געווען די ברידער אין ביזאנץ און גאַלאַטאַ, זיי זאָלן פאר בנימין מר נפש, ווי א שליח מצוה פאָראויס פאָרברייטן אלע וועגן; אין דער זעלבער צייט האָבן די פרויען צוגעגרייט קליידער און קישנס און שפייז אויף דער נסיעה, כדי דעם פרומענס ליפן זאָלן זיך נישט מוזן צורירן צו קיין טרפות אויף דער שיף. און הגם עס איז די יידן פון רוים געווען פארבאָטן צו פאָרן אויף א וואָגן אָדער אויף א פערד, האָבן זיי בסוד באשטעלט א פור אויף דער אנדערער זייט טויער, כדי דער זקן זאָל נישט מוזן אָנהויבן די נסיעה באלד א מידער.

אָבער זיי האָבן זיך שטארק געחידושט, ווען בנימין האָט נישט געוואָלט זיך ארויפזעצן אויף דער פור. צופוס גיין וויל ער דעם וועג צו פאָרטוס, האָט דער אלטער זיך איינגעעקשנט, אזוי ווי ער איז מיט העכער אכציק יאָר צוריק אלס שוואך קינד גע־גאנגען אין יענער נאכט. אוממעגלעך און צו דרייסט האָט זיך זיי תחילת אויסגעוויזן, אז דער געווענלעך שוואכער זקן זאָל זיך איינ־שטעלן און גיין צופוס ביז צום ים. אָבער זיי זענען דערשטוינט געוואָרן, בעת זיי האָבן אים אָנגעקוקט, ווארום ער איז ווי פאר־ענדערט געוואָרן, זינט יענע ידיעה איז אָנגעקומען. עס האָט אוים־

געזעגט, ווי ס'וואָלט איבער נאכט צוריקגעקערט כח אין זיינע גלידער און פרישע ווארעמקייט זאָל פליסן אין זיין אלט בלוט. זיין קול, ביז אהער מאט און אָפגעשוואכט, האָט אצינד, בעת ער האָט כמעט צאָרניק אָפגעלענט זייער דאנקען פאר אים, געקלונגען באפעלעריש און שטארק; און פול יראת הכבוד האָבן זיי אים געפאָלגט.

די גאנצע נאכט האָבן די יידן פון רוים באגלייט בנימין מר נפש, דעם אויסדערוויילטן פון זייער קהלה, אויף דעם זעלבן וועג, איבער וועלכן זייערע עלטערן זענען אמאָל געגאנגען, כדי די מנורה צו באגלייטן. בסוד האָבן זיי פונדעסטוועגן מיטגענומען א טראָגבעטל, כדי דעם אלטן דערין ווייטער צו פירן, אויב ער וועט אויפן וועג שוואך ווערן. אָבער דער אלטער מאן איז מיט פעסטע טריט געגאנגען איבערן וועג און אלעמען אריבערגעיאָגט. ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט און אלע חושים זיינע זענען געווען אריינגעטון אין דער פארגאנגענער צייט. יעדער שטיין, יעדער אויסבויג פון וועג, איבער וועלכן ער איז זינט יענער נאכט קיינמאָל מער נישט געגאנגען, האָט וואָס אמאָל העלער ארויסגערופן אין זיין זכרון יענע גרויסע שעה פון זיין קינדהייט. ער האָט זיך דער־מאנט אָן אלדינג, וואָס דעמאָלט איז געשען, ער האָט געהערט די שטימען פון די טויטע אין דעם לייכטן ווינט, עס איז צוריק לעבעדיק געוואָרן יעדעם וואָרט, וואָס יעדער האָט גערעדט. אָט דאָרט רעכטס האָט געפלאַמט דער פייערדיקער זייל פון דעם ברענענדיקן הויז, דאָ איז דער מיילנשטיין געשטאנען, נעבן וועלכן זיי זענען געבליבן מיט פארצווייפלטע הערצער, בעת די נומידישע רייטער האָבן זיך אויף זיי א לאָז געטון. ער האָט זיך דערמאנט יעדע פראגע, וואָס ער האָט געפרעגט, יעדן ענטפער, וואָס מען האָט אים געגעבן. און ווען ער איז צוגעקומען צו יענעם אָרט, ווו די אלטע לייט האָבן דעמאָלט אינדערפרי ביים ראנד פון וועג זייער געבעט געזאָגט, האָט ער ארויסגענומען, פונקט ווי יענע האָבן עס

געטון, טלית און תפילין, כדי, געווענדט צו מזרח. דאָס זעלבע גע־
בעט צו זאָגן, וואָס די עלטערן און אורעלטערן האָבן יעדן פרי־
מאָרגן געזאָגט און וואָס, באהאלטן אין בלוט און ווייטער פליסנדיק
פון דור צו דור, עס וועלן אויך זאָגן זיינע קינדער און קינדסקינדער,
ביז אין די ווייטסטע דורות.

הינטער אים זענען פארחידושט געבליבן זיינע באגלייטער.
זיי האָבן נישט פארשטאנען זיין מאָדנע טאט. וואָרום דאָס מאָל
איז די צייט פון יאָר געווען נענטער צו הארבסט, ווי ביי יענעם
גאנג, אויפן הימל איז נאָך נישט געווען צו באמערקן קיין סימן
אפילו פון פרימאָרגן און צו טאָג איז נאָך געווען ווייט: ווי מעג א
פרומער ייד זאָגן תפילת שחרית, איידער עס טאָגט? דאָס איז גע־
ווען געגן די מנהגים און א גרויסע עבירה לגבי דער מסורה. פונ־
דעסטוועגן זענען זיי מיט יראת הכבוד געבליבן פארזאמלט ארום
דעם בעטנדיקן. וואָרום וואָס ער, דער אויסדערוויילטער, טוט,
קאָן נישט זיין קיין עבירה. אים איז אצינד, אזוי האָבן זיי געפילט,
אלדינג דערלויבט. און ווען ער גיט אָפּ א לויב צו גאָט פאר דעם
געשאפענעם ליכט, נאָך איידער עס איז ליכטיק, איז עס
מסתמא רעכט.

דער אלטער האָט נאָכן אָפּזאָגן דאָס געבעט צוזאמענגעלייגט
דעם טלית און זיך געלאָזט גיין מיט פעסטע טריט ווייטער, גלייך
ווי די פרומע ווערטער וואָלטן אים געהאט אָפּגעפרישט. ווען זיי
זענען ענדלעך אָנגעקומען צום האפן, האָט ער מיט א פארגליווערטן
בליק לאנג געקוקט אויפן ים; דאָס קינד איז לעבעדיק געוואָרן אין
זיין נשמה, דאָס פארגעסענע, אין אים לאנג שוין פארשווונדענע
קינד, וואָס האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל דערזען די כוואליעס
און רחבות פון ים. עס איז געווען דער זעלבער ים, ווי מיט אכציק
יאָר צוריק: טיף און אומדערגרינטלעך, ווי גאָטס מחשבות. האָט
ער פרום געטראכט. פונקט ווי דעמאָלט איז אים ליכטיק געוואָרן
אין די אויגן פון דעם הימלם העלקייט. ער האָט געבענטשט אלע

זיינע באַגלייטער, היות ער האָט זיך מיט זיי געשיידט אויף תמיד; דערנאָך איז ער מיט יהויקימען ארויף אויף דער שיף. און פונקט ווי דעמאָלט די עלטערן און אורעלטערן, אזוי האָבן אצינד זיינע באַגלייטער דערשיטערט און צעטראָגן צוגעקוקט פון ברעג, ווי די שיף רירט און דערווייטערט זיך מיט אויפגעצויגענע זעגלען פון ברעג. זיי האָבן געוווּסט, אז זיי זעען דעם ביטער געפּרוּווטן צום לעצטן מאָל, און ווען דער זעגל איז פארשוווּנדן געוואָרן אין דער ווייטקייט, האָבן זיי זיך געפילט אָרים און פאריתומט.

שטארק און אומאויפהערלעך האָט דערווייל די שיף זיך גע־שניטן א וועג דורך די וואסערן. די כוואַליעס האָבן שטורמיש אויפגעשוימט און פון מערב זענען אָנגעקומען פינסטערע וואָלקנס. פארזאָרגטע האָבן די שיפער געקוקט, צי עס קומט נישט אָן א שטורעם און ממילא א טויט־סכנה. אָבער הגם פון שטורעם גע־טריבן און צוויי מאָל צוריקגעשטויסן אויפן וועג, איז די שיף ביי־געקומען די שוועריקייטן און בשלום אָנגעקומען קיין ביזאַנץ דריי טעג נאָכדעם, ווי בעליסאר האָט געבראַכט דאָס מלחמה־רויב פון אפריקע.

* *
*

ביזאַנץ, די הויפּטשטאָט פון דער אימפּעריע און די הערשערין פון דער וועלט, זינט פון רוימס קאָפּ איז אַראָפּגעפאלן די קרוין, האָט אין יענעם פרימאָרגן געווימלט און גערעשט פון מענטשן, וואָרום זינט לאַנגע יאָרן איז דער דאָזיקער שטאָט, וואָס האָט ליבער געהאט בעלער און שפּילן, איידער גאָט און גערעכטיקייט, נישט צוגעזאָגט געוואָרן אזא הערלעך ספּעקטאַקל, ווי דאָס איצ־טיקע מאָל: בעליסאר, דער באַזיגער פון די וואַנדאלן, האָט געזאָלט אין צירקוס אנטקעגנפירן זיינע זיגרייכע חילות מיט דעם גאנצן מלחמה־רויב פאר דעם באַזילעאוס, דעם וועלטהערשער. אומצייי־

ליקע מאסן האָבן זיך געדרעננט דורך די איבערפולטע גאסן, דער לענגלעך רונדער ריזיקער שטח פונם היפּאָדראָם איז שווארץ געווען פון דער גרויסער מענטשנמאסע, און פונקט ווי א ים ברויזט, ברו־מענדיק און אומגעדולדיק, אזוי האָט געזשומעט און געקרעכצט די צונויפגעפּרעסטע דערווארטונג. ווארום נאָך איז די פראכטפולע קייסערלעכע זיילנטריבונע, די קאַטיסמאַ, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן דעם ריזיקן אָוואַל, געשטאנען איננאנצן ליידיק. נאָך איז דורכן אונטערערדישן גאנג, וואָס האָט דעם דאָזיקן פייערלעכקייטן־פּלאַץ פארבונדן מיטן קייסערלעכן שלאָס, דער באזילעאוס נישט דער־שינען פאר זיין פאָלק.

ענדלעך האָבן שארפע טראמפּייטן־סיגנאלן אָנגעזאָגט דעם פייערלעכן אויגנבליק. צוערשט האָבן זיך באוויזן די רייען פון דער קייסערלעכער לייבוואך, אין זייערע רויטע געוואנטן און בליצנ־דיקע שווערדן בילדנדיק א בלישטשענדיקע וואנט. דערנאָך זענען געגאנגען, רוישנדיק מיט די גלאנציקע זיידענע קליידער, די הויכ־געשטעלטע לייט, די פריסטער און סריסים. דאן ענדלעך זענען דערשינען, אונטער א באלדאכין און אין צוויי טראָגשטולן גע־טראָגן, יוסטיניאן, דער באזילעאוס, דער מאָנארך, די גאלדענע קרוין, ווי א נימבוס איבערן קאָפּ און טעאָדאָרא אין בליאסק פון איר צירונג. ווען זיי זענען צוגעקומען צו זייער קייסערלעכן פּלאַץ, האָט מיטאמאָל פון אלע שטאפּלען אראָפּ א דונער געטון א הילכי־קער אויסברוך פון באגייסטערונג. פארגעסן איז אצינד געווען, אז אויף דעם זעלבן אָרט האָט ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק דער זעלבער המון געשטורעמט געגן דער זעלבער טריבונע מיט דעם זעלבן קיסר און עס זענען דאן אלס שטראָף אויסגעשאָכטן געוואָרן דרייסיק טויזנט מענטשן אויפן דאָזיקן אָרט; תמיד ווישט דער זיג אָפּ יעדע שולד אין די אויגן פון דעם אייביק קורצזכרונדיקן המון. פארשכורט פון פראכט און גלאנץ און גלייכצייטיק פון דער היץ פון זייער אייגענער באגייסטערונג, האָבן טויזנטער מיילער אויף

צענטליקער לשונות געשריגן און געליאַרעמט און געברילט און געיובלט. אז די שטיינערנע ווענט האָבן געציטערט פון דעם ווידערקול. א גאַנצע שטאָט, א גאַנצע וועלט האָט דאָ אנטקייגנ־געצאַפּלט דעם פויערן־זון פון מאַקעדאָניען און דער שיינער פרוי. וואָס האָט אמאָל — אלטע לייט גדענקען עס נאָך — דאָ, אין זעלבן הויז אלס טענצערין אלעמען געוויזן איר קערפּער נאַקעט און ביינאַכט צו יעדן איינעם פאַרקויפט. אָבער אויך דאָס איז געווען פאַרגעסן, פּונקט ווי יעדע שאַנד נאָכן זיג און יעדע געוואַלד־טאַט נאָך איר טריאומף.

אויף די העכסטע טעראַסן אָבער, איבער דער דאַזיקער ליאַר־מענדיקער מאַסע, וואָס האָט איר פאַרקויפלעכע באַגייסטערונג שמוציק און שרייענדיק ווי שוועבקוואַסער אנטקייגנגעשוימט דעם זיגער, איז שטום געשטאַנען אַן אַנדער פאָלק, א שטיל און שטיי־נערן פאָלק: די הונדערטער, הונדערטער סטאַטועס פון גריכנלאַנד, פון זייערע טעמפּלען, ווו ס'איז תמיד געווען פרידן, האָט מען זיי אַרויסגעריסן, די דאָזיקע אָפּבילדער פון די געטער, פון פּאַלמיראַ און פון קאָס, פון קאָרינט און אַטען; פון זייערע טריאומפבויגנס און ויילן האָט מען זיי אַראָפּגעשלעפּט, נאַקעט און בלויז, אָט אַזוי ווי זיי זענען געווען אין דער אייביקער ווייסקייט פון זייער מאַרמאָר. אומבאַרירבאַר פון פאַרגענגלעכער ליידנשאַפט, אויף שטענדיק פאַר־זונקען אין דעם אייביקן חלום פון זייער שיינקייט, אַזוי זענען זיי דאָ געשטאַנען, שטום און גלייכגילטיק, זיי האָבן נישט פאַרהער־לעכט דאָס ערדישע, זיי האָבן זיך נישט גערירט. אומבאַוועגלעך און שטאָלץ האָבן זיי אַוועקגעקוקט פון די בלוטיקע שפּילן צו דער בלויער ווייטקייט פון ים, וואָס האָט מיט א ריינער כוואַליע אנט־קייגנגעשוימט דעם באַספּאָר.

שאַרף און שוין גאָר נאָענט האָבן זיך ווידער געלאָזט הערן די פאַנפאַרן, כדי אָנצוזאָגן, אז דער טריאומפצוג פונם פעלדמאַר־שאַל האָט שוין דערגרייכט צום אויסערלעכן טויער פון היפּאָדראָם.

די טויערן זענען געעפנט געוואָרן און דאָס שוין געהאט איינגע־
שטילטע ברויזן פון די מענטשן איז אויפסניי אויסגעוואקסן אין א
דונער פון פריידגעשרייען. אָט זענען זיי, בעליסארס אייזערנע
קאָהאָרטעס, וואָס האָבן די וועלט־מלוכה אויפגעשטעלט, אלע
שונאים באזיגט און אצינד זיי מהנה געווען מיט זאָרגלאָזע שפילן.
שארפער און רוישיקער נאָך איז געוואָרן דער שטורמישער אויס־
ברוך פון באגייסטערונג, ווען הינטער די זיגער האָט זיך באוויזן
נאָכגעשלעפט דאָס מלחמה־רויב, די אוצרות פון קארטאגאָ, א שפע
אָן א שעור. צוערשט זענען שטאָלץ פארבייגעפאָרן די טריאומפווע־
גענער, וואָס די וואנדאלן האָבן גאָר אמאָל געהאט פארכאפט,
דערנאָך האָט מען אויף הויכע געשטעלן געטראָגן די טראָנשטולן,
מיט איידלשטיינער באצירטע, און מזבחות פון אומבאקאנטע
געטער, עס האָבן געבלישטשעט סטאטועז, פון נאָמענלאָזע קינסט־
לער געשאפן אין נאָמען פון דער שיינקייט, און דערנאָך, ביזן ראַנד
באלאָדן, קאסטנס פול מיט גאָלד און בעכערס און וואזעס און זיי־
דענע געוואנטן; אלץ, וואָס דאָס רויבפאָלק האָט אָנגערויבט אין
אלע עקן פון דער וועלט, איז דאָ אהערגעפירט געוואָרן און האָט
אצינד געהערט צום קיסר, צו דער מלוכה. און ביי יעדער הערלעכ־
קייט האָט דאָס פאָלק אלעמאָל אויפסניי ארויסגעלאָזט א פרייד־
געשריי און אין זיין פארשכורונג געגלויבט, אז די גאנצע פראכט
און דאָס גאנצע רייכקייט פון דער וועלט וועט אויף שטענדיק,
אויף אייביק שטראָמען צו זיי.

צווישן אזעלכע בלענדנדיקע אוצרות האָט אויף דעם המון
נישט געמאכט קיין באזונדערן איינדרוק, בעת די טרעגער האָבן
אצינד געבראכט עטלעכע זאכן, וואָס האָבן אויסגעזען אָרים
אנטקייגן די אנדערע פרעכטיקייטן: א קליינעם, מיט גאָלד באצוי־
גענעם טיש, צוויי זילבערנע טראָמייטערס און א זיבנרערנדיקן
לייכטער. די דאָזיקע נישט אָנזעעוודיקע כלים זענען נישט בא־
געגנט געוואָרן מיט קיין פריידגעשריי. אָבער הויך איבן צווישן

דעם המון האָט אַן אַלטער מאַן אַרויסגעלאָזט אַ זיפץ און איינגע־גראָבן זיין האַנט, די לינקע איז עס געווען, אין דעם אָרעם פון זיין שכן יהויקים: נאָך אַכציק יאָר האָט דער זקן ווידער דערזעען, וואָס ער האָט אַמאָל אַלס קינד געזען, דעם הייליקן לייכטער פון בית המקדש, דעם לייכטער, וואָס זיין קינדישע האַנט האָט אַמאָל באַרירט און וועלכער האָט אים אויף אייביק די האַנט צעשמע־טערט. וואָס פאַר אַ זכיה דאָס צו זען: די מנורה, די זעלבע מנורה! אומבאַזיגבאַר איז דורך דער אייביקער צייט געגאַנגען דער אייביקער לייכטער ווידער אַ טריט נענטער צו זיין אַהיים־קער! דער אַלטער מאַן האָט דעם חסד ווידער צו זען די מנורה געפילט, ווי אַ פייער וואָלט אים אַרומגענומען: ער האָט מער נישט געקאָנט איינהאַלטן אין זיך דעם שלל פון באַגייסטערונג און הייס אויסגעשריגן: „אונזער! אונזער! אונזער אויף דור דורות!”

אָבער קיינער, אפילו פון די גאָר נאָענטע, האָט נישט געהערט דעם איינזאַמען אויסרוף. וואָרום די גאַנצע מאַסע האָט זיך אַצינד צערעוועט אין אַן איינציק פריידגעשריי: בעליסאַר, דער זיגער, האָט באַטרעטן די אַרענע. ווייט הינטער די טריאומפוועגענער, ווייט הינטער דעם אַן שעורדיקן מלחמה־רויב האָט ער געשפּאַנט אין די איינפאַכע קליידער פון זיינע קריגסלייט. אָבער דאָס פאָלק האָט געקענט און דערקענט זיין העלד און אויסגערופן אַזוי הויך זיין נאָמען און כסדר נאָר זיינעם, אַז יוסטיניאַן האָט אייפערזיכטיק געביסן די ליפּן, בעת זיין פעלדמאַרשאַל האָט זיך אַצינד פאַר אים געבוקט.

דערנאָך איז געוואָרן שטיל, אַזוי פולשטענדיק און געשפּאַנט, ווי עס איז פריער געווען דער ליאַרם. געלימער, דער קעניג פון די וואַנדאַלן, וועלכער איז מעשה חוזק געווען באַדעקט מיט אַ פּורפּור־מאַנטל און געגאַנגען הינטער בעליסאַר, זיין באַזיגער, האָט זיך אַצינד אָפּגעשטעלט פאַר דעם קיסר. די קנעכט האָבן פון אים אַ רים אַראָפּ געטון דעם פּורפּור־מאַנטל און דער באַזיגטער האָט זיך

אנידערגעוואָרפן אויף דער ערד. איין רגע לאנג איז פון די טויזנ־
טער און טויזנטער ליפן נישט ארוים אפילו קיין אָטעם־הויך. אלץ
האָט מיט א פארגליווערטן בליק געגלאָצט אויף דער האנט פון
באזילעאוס. וועט ער חסד ארויסווייזן אָדער נישט? וועט זיין פינ־
גער זיך הויבן אינדערהויך אָדער אראָפּזינקען? און אָט, ער האָט
אים געהויבן אינדערהויך. דאָס לעבן איז דעם באזיגטן געווען גע־
שענקט און ווי א דונער האָט ארויסגעפּלאצט די באגייסטערונג.
בלויז איינער צווישן דעם גאנצן המון האָט נישט אהינגעקוקט,
בנימין, דער דערשיטערטער זקן. ער האָט בלויז נאָכגעקוקט דער
מנורה, וועלכע די טרעגער האָבן פּאמעלעך ווייטער געפירט דורך
דער ארענע. בלויז אויף איר האָט ער געקוקט; און ווען דאָס הייל־
ליקע ווערק איז מיט דעם צוג פארשוונדן, איז אים טונקל געוואָרן
פאר די אויגן.

„פיר מיך אוועק!" יהויקים האָט שטיל געמורמלט. דער גלאנץ
פון דעם אומגעווענלעכן ספּעקטאקל האָט גערייצט דעם גיריקן
יונגן מענטש. אָבער דעם אלטנס ביינערדיקע האנט האָט זיך
הארט איינגעקלאמערט אין זיין אָרעם. „פיר מיך! פיר מיך
אוועק!" ווי א בלינדער איז ער דערנאָך טאפּנדיק און שארנדיק גע־
גאנגען דורך דער שטאָט, אָנהאלטנדיק זיך ביי יהויקימס האנט.
ער האָט נאָך אלץ געזען די מנורה מיט די בליקן פון דער נשמה,
און אומגעדולדיק פונם וואנדערן, איז ער צוגעשטאנען צו זיין פי־
רער, ער זאָל אים ברענגען צו דער יידישער קהלה. א פּחד איז אים
מיטאמאָל באפאלן, אז אצינד, בעת דער אָנהויב און דער סוף
האָבן זיך באריִרט, קאָן זיין לעבן זיך פאר דער צייט ענדיקן און
ער קאָן די רעטונג פון דער מנורה ווידער פארשפּעטיקן.

* *
*

אין געבעט־הויז פון פּערא האָט דערוויל די קהלה שוין־לאנג
געווארט אויף דעם חשובן גאסט. פּונקט ווי אין רוים איז די יידן

געווען דערלויבט זיך צו באַזעצן בלויז אויפן אַנדערן ברעג פון טייך, אַזוי האָבן די יידן פון ביזאַנץ געמעגט וווינען נאָר אין פּערא, אויפן אַנדערן ברעג פון גאָלדענעם האָרן; דאָ, ווי אומעטום, איז דאָס מן הצד זיין געווען זייער גורל, אָבער אויך דער סוד פון זייער קיום דורך לאַנגע דורות.

דער ענגער שטח פונם געבעטהויז איז געווען שטיקנדיק אָנגעפּולט און איבערפולט. וואָרום נישט בלויז די יידן פון ביזאַנץ זענען דאָרט געווען פאַרזאַמלט; אויך פון ווייט און פון נאָענט, פון ניצעאַ און טראַפּעזונט און אָדעסאַ און סמירנא און די שטעט פונם טראַקישן לאַנד, פון אַלע יידישע קהלות זענען שליחים געקומען, כדי אַנטייל צו נעמען אין דער באַראַטונג און אין דער געשעעניש. שוין לאַנג האָט זיך איבער די לענדער ביים ברעג ים געהאַט פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז בעליסאַר האָט איינגענומען די פעסטונג פון די וואַנדאַלן און אין מלחמה־רויב צוזאַמען מיט די אַנדערע אוצרות אויך די מנורה צוריק פאַרכאַפּט; עס איז נישט געווען קיין איין ייד אין דער ביזאַנטינישער מלוכה, וואָס זאָל נישט האָבן אויפגענומען מיט אַ ציטער די דאָזיקע ידיעה. וואָרום הגם, ווי פּלעועס צעשפּרייט איבער די לענדער פון דער וועלט און דורך פיל לשונות צעריסן, האָט דאָס דאָזיקע פאַרלוירענע פאָלק דאָך תמיד אויפגענומען אַלדינג, וואָס איז געשעען מיט זיינע הייליקע צייכנס, ווי געמיינזאַמע פרייד און לייד; און הגם אָפּט פאַרהאַרטעוועט און פאַרגעסלעך איינער צום אַנדערן, פלעגן זייערע הערצער ברידערלעך זיך צונויפשמעלצן ביי יעדער סכנה. אומאויפהערלעך האָבן פאַרפאָלגונג און אומרעכט תמיד אויפסניי געשמידט דעם אייזערנעם באַנד, וואָס האָט נאָך פעסטגעהאַלטן דעם צעשמעטערטן שטאַם פון זייער אחדות, אַז ער זאָל נישט פּרוכנעדיק ווערן און אומפאַלן; און וואָס האַרטער דער גורל איז געווען צו די יחידים, אַלץ שטאַרקער זענען זייערע נשמות צונויפגעוואַקסן צו אַן אחדות. אויך דאַסמאָל האָט די ידיעה וועגן דער מנורה, אַז זי

וואנדערט ווידער איבער לענדער און ימים, ווי אמאל פון בבל און רוים, באריהרט יעדן ייד, ווי זיין אייגענער גורל. אויף די גאסן, אין די שטובן האבן זיי געפירט הייסע שמועסן; זיי האבן געפארשט מיט זייערע רבנים און חכמים די ספרים, כדי אויסצוטייטשן דעם זין פון אזא וואנדערשאפט. וואָרום וואָס זאל עס באדייטן, וואס דאס הייליקטום האט ווידער אנגעהויבן צו וואנדערן? באדייט עס גליק אדער צרות? הויבן זיך ווידער אן נייע רדיפות, אדער איז דאס שוין זייער סוף? וועלן זיי באלד ווידער ווערן פארטריבענע און ציללאזע וואנדערער אויף די וועגן, ווידעראמאל אן מנוחה, וויבאלד די מנורה האט נישט קיין מנוחה? אדער באדייט די אויס־לייזונג פון דער מנורה אויך אן אויסלייזונג פאר זיי, א צוריקקער אהיים, דער סוף פון דער אומגליקלעכער וואנדערשאפט? ענדלעך ביי יעדן האט די נשמה געגליט פון אומגעדולד. שליחים זענען גע־לאפן פון ארט צו ארט, כדי מער זיך צו דערוויסן און צו ברענגען די מיינונג פון די שכנים, און גרויס איז געוועזן זייער שרעק, בעת מען האט לסוף געבראכט די ידיעה, אז ווידעראמאל וועט די דא־זיקע לעצטע כלי פון בית המקדש פארבייגעפירט ווערן אין עפנט־לעכן טריאומף, ווי אמאל אין רוים, פאר דעם קיסר יוסטיניאן.

שוין די דאזיקע ידיעה האט געוואלטיק צעשטורעמט די נשמות. אבער די ווילדע אויפרעגונג האט דערגרייכט צו א פאר־שכורטקייט, בעת פון רוים זענען אנגעקומען די בריוו פון דער קהלה, אז בנימין מר נפש, דער ביטער געפרואווטער, וואס האט קינדווייז אלם לעצטער געזעען די מנורה, בעת דעם וואנדאלישן רויב, געפינט זיך אונטערוועגס קיין ביזאנץ. דערשטוינט זענען אלע געבליבן. וואָרום שוין כמה וכמה יאָרן איז באקאנט געווען אלע יידן, אין די ווייטסטע מקומות אפילו, די וואונדערלעכע טאט פון יענעם זיבניעריקן יינגל, וואס האט בעתן רויב פון די וואנדאלן געוואלט ארויסרייסן די מנורה און זי האט פאלנדיק אים א האנט צעבראכן. די מאמעס פלעגן די קינדער דערציילן פון בנימין מר

נפש, די רבנים זייערע תלמידים. לאנג שוין איז זיין טאַטע פאַר־
וואנדלט געוואָרן אין א פרומער מעשה, ווי יענע פון די ספרים,
וועלכע מען לייענט און מען לערנט. אין די אָזנטן פלעגט מען זי
איבערדערציילן אין די יידישע הייזער, ווי איינע פון די פּאַרצײי־
טישע מעשיות, ווי די ליכטיקע און פינסטערע טאַטן פון רות און
שמשון און המן און אסתר, פון די הייליקע אבות און אמהות. און
אַט קומט פלוצלינג די בשורה, די אומגלויבלעכע, די וווּנדערבארע:
דאָס דאַזיקע דעמאָלטיקע קינד, עס לעבט נאָך. און נאָך מער, דאָס
דאַזיקע קינד, אצינד שוין א זקן, קומט אהער איבער לענדער און
ימים. ער איז שוין אונטערוועגס, בנימין מר נפש, דער לעצטער
עדות, כדי נאָכאמאָל די מנורה צו זעען. דאָס מוז זיין עפּעס א
צייכן! נישט בחנם האָט גאָט אָפּגעהיטן און דערהאַלטן דעם
דאַזיקן איינעם איבער דער מאָס פון דער ערדישער צייט. אפשר
איז ער דער באַרופענער דאָס הייליקטום אהיימצופירן און זיי
אליין אויך. און וואָס מער זיי האָבן גערעדט איינער צום אנדערן,
אלץ ווייניקער האָבן זיי דערין געצווייפלט: דער גלויבן אין דעם
באַפרייער, אין דעם אויסלייזער. וואָס האָט אין דעם דאַזיקן פאַר־
וואָגלטן פאָלק פון אייביק אָן געשפּראָצט און תמיד זיך פונאנדער־
געבליט ביי דעם ערשטן וואַרעמען ווינטל פון האָפנונג, איז אצינד
מעכטיק פונאנדערגעוואַקסן, ווי נאָך קיינמאָל נישט. מיט פאַרווּנ־
דערונג האָבן אין די דערפער און שטעט די פרעמדע שכנים גע־
קוקט אויף די יידן, וואָרום זיי זענען אנדעריש געוואָרן איבער
נאכט. די, וואָס פלעגן געווענלעך שרעקעוודיק און געבויגן זיך
דורכשלייכן, תמיד זיך ריכטנדיק אויף א באליידיגונג אָדער אויף
א קלאַפּ, זענען אצינד געגאנגען מונטער און אונטערטאנצנדיק, ווי
באַגייסטערטע. קאַרגע, וואָס פלעגן געווענלעך יעדעם פיצל מלבוש
איבערמאַכן און אָפּשוינען, האָבן אצינד געקויפט רייכע קליידער;
מענטשן, וואָס האָבן פריער געהאַט א שווערע אויסשפּראַך, זענען
אויפגעשטאַנען און שיינרעדנעריש געפּרעדיקט נבואה. מעוברתע
האָבן געזעען וויזיעס און זיי פלעגן זיך שלעפּן אויפן מאַרק ארוים.

כדי זיי באלד מיטצוטיילן אנדערע. די קינדער האָבן געטראָגן בונטע פענער און קרענץ. גאָר גלויביקע האָבן אפילו שוין אָנגע־הויבן זיך צו גרייטן אין וועג אריין און באצייטנס פארקויפט האָב און גוטס, כדי צו האָבן שטענדיק גרייט מוילאייזלען און וועגענער און קיין איין טאָג אפילו נישט פארזוימען, ווי נאָר עס וועט אויס־שאלן דער רוף צום אהיימקער. וואָרום ציי מוזן זיי דען נישט וואנ־דערן, בעת די מנורה וואנדערט ארום איבער דער וועלט, און צי געפינט זיך דען נישט אונטערוועגס שוין דער שליח. וואָס האָט אמאָל אלס קינד דאָס הייליקטום באגלייט, כדי אצינד אלס זקן זיי אויף אייביק אהיימצובאגלייטן?

האָט דעריבער יעדע קהלה, צו וועלכער עס איז רעכטצייטיק דערגאנגען די ידיעה, אויסגעוויילט צווישן זיך איינעם אלס שליח, אז ער זאָל בייזיין דאָס אָנקומען פון דער מנורה קיין ביזאנץ און זיך מיטבאטייליקן אין דער באראטונג. און אלע די, וואָס זענען באשטימט געוואָרן פאר שליחים, האָבן אויפגעציטערט פאר גליק און געבענטשט גאָטס נאָמען. וווּנדערלעך איז עס זיי פאָרגעקומען אין זייער פשוט פינסטער לעבן, וואָס פלעגט געוויינלעך נעבעכדיק פארבייגיין אין טאָגטעגלעכע דאגות און סכנות, אז זיי, קליינע קרעמער און פשוטע בעלי מלאכות, זאָלן אנטייל נעמען אין אזא וווּנדערבאר געשעעניש און זעען דעם מאן, וואָס גאָט, ווי מ׳זעט בחוש, האָט דערהאלטן ביים לעבן לענגער פון דער געוויינלעכער צייט, כדי ער זאָל אויספירן די דאָזיקע דערלייזערישע טאט. זיי האָבן זיך געקויפט אָדער געבאָרגט רייכע קליידער, גלייך זיי וואָלטן געווען איינגעלאדן צו א גרויסן יום טוב. זיי האָבן אין די טעג פאר דער נסיעה געפאסט, זיך טובל געווען און תפלה געטון, כדי מיט א ריינעם גוף און א ריינער נשמה צו נעמען אויף זיך די שליחות; און ווען עס איז אָנגעקומען די צייט זיך אוועקצולאָזן פון זייערע היימען אין וועג אריין, האָט יעדן איינעם די קהלה פון זיין דאָרף אָדער פון זיין שטאָט באגלייט אויפן וועג א מהלך פון

א טאָג רייזע. אין אלע מקומות, דורך וועלכע זיי האָבן דורכגע־וואנדערט ביז ביזאנץ, האָבן פרומע לייט זיי אָנגעבאָטן ביי זיך אָן אָרט אויף אָפּרו און געזאמלט געלט אויף אויסצולייזן די מנורה; שטאָלץ און געהיימניספול, ווי באפולמעכטיקטע פון א מעכטיקן קעניג, האָבן די דאָזיקע קליינע שליחים פון אן אָרעם און מאכטלאָז פאָלק געצויגן קיין ביזאנץ. און ווען זיי האָבן זיך איינער דעם אנדערן אָנגעטראָפן אין וועג און צוזאמען פאַרטגע־זעצט די וויטערדיקע רייזע, האָבן זיי צעהיצטע גערעדט וועגן דעם, וואָס עס וועט געשעען, און וואָס מער זיי האָבן גערעדט, אלץ צעהיצטער זענען זיי געוואָרן. און וואָס מער עס האָט איינער דעם אנדערן די נשמה צעווארעמט, אלץ זיכערער איז פאר זיי אלע געוואָרן, אז זיי וועלן זיין עדות פון א גרויסן נס און פון דער לאנג אָנגעזאָגטער ענדערונג אינם גורל פון זייער פאָלק.

און אָט האָבן זיי אלע געוואַרט, א צונויפגעמישטע און צע־היצטע עדה רעדנדיקע, טומלענדיקע, זיך באראטנדיקע און פרעגנ־דיקע יידן אין דעם בית הכנסת פון פּערא. מיטאמאָל איז דאָס יינגל, וואָס זיי האָבן געהאט פאָראויסגעשיקט, אָנגעקומען צו לויפן א פארסאפּעטער, פונווייטנס נאָך פאָכענדיק מיט א טוך איבערן קאָפּ אלם צייכן, אז בנימין מר נפש, דער לאנג דערוואר־טער גאסט, איז שוין אָנגעקומען אויף א שיפל פון ביזאנץ. די, וואָס זענען געזעסן, האָבן זיך געטון א כאפּ אויף, די, וואָס האָבן ערשט געשריגן און זיך געהיצט, זענען געבליבן שטיין שטום, און איינעם פון זיי, א גאָר אלטן מאן, זענען פון איבעררעאשונג אויס־געגאנגען די כחות: אָנמעכטיק איז ער א פאל אנידער געטון דורכן אויפברויז פון די דערשיטערטע חושים. קיינער אָבער, אפילו דער ראש פון דער קהלה, האָט נישט געוואגט דעם דערווארטן גאסט אנטקעגנצוגיין. מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם זענען זיי גע־בליבן ווארטן, און בעת בנימין, פון יהויקימען געפירט, האָט זיך דערנענטערט צום הויז, איז ער מיט זיין ווייסער באָרד, הדרת־

דיקער געשטאלט און טונקל בליצנדיקן בליק אויסגעקומען אין
זייערע אויגן, ווי שמואל הנביא, געפירט דורכן יינגל, א פאטריאר־
כאלישע געשטאלט, דער אמתער בעל מופת. די איינגעהאלטענע
באגייסטערונג איז מיטאמאָל מעכטיק אויסגעבראָכן. „געבענטשט
דיין קומען! געבענטשט דיין נאָמען!" האָבן זיי אים אנטקיגנ־
געיובלט. אין איין רגע האָבן זיי אים ארומגערינגלט. זיי האָבן גע־
קושט זיינע קליידער און טרערן האָבן ביי זיי געפלאָסן איבער די
אויסגעדארטע באקן, זיי האָבן איינער דעם אנדערן געשטופט און
געשטויסן, יעדער האָט כאָטש מיט א פינגער געוואָלט אָנרירן דעם
הייליקן אָרעם, וועלכן די געטלעכע מנורה האָט צעשמעטערט, און
דער ראש הקהל האָט זיך געמוזט אוועקשטעלן פאר דעם זקן, כדי
אים צו באשיצן, אנישט וואָלט אים די התפעלות פון די פארשכור־
טע מענטשן דערדריקט.

בנימינען האָט שטארק דערשראָקן די ווילדקייט פון זייער
הייסן בטחון. וואָס ווילן זיי, וואָס האָפן זיי פון אים? א פלוצלינגער
פחד איז אים באפאלן פאר דער לאסט פון דער אומגעהויערער
דערווארטונג, וואָס זיי לייגן אויף אים ארויף. ער האָט מילד און
אנטשלאָסן זיך געוועדט.

„קוקט נישט אזוי אויף מיר און איבערשאצט מיך נישט, כדי
איך אליין זאָל מיך נישט איבערשאצן! דערווארט נישט קיין נס
פון מיר! באגניגנט אייך געדולדיק צו האָפן! ווארום עס איז א
זינד צו פאָדערן א נס, ווי א זיכערע זאך".

אלע האָבן אראָפגעלאָזט די קעפּ, פארבליפט. וואָס בנימין
האָט געטראָפן זייערע פארבאָרגענע מחשבות. און זיי האָבן זיך
געשעמט מיט זייער היציקער אומגעדולד. זיי זענען שטיל אָפּגע־
טרעטן אין א זייט. אזוי, אז דער ראש הקהל האָט געקאָנט
בנימינען צופירן צום צוגעגרייטן פלאץ, וועלכער איז זאָרגפעלטיק
געווען אויסגעבעט מיט קישנס און אָנזעעוודיק דערהויבן איבער

אלע אנדערע פלעצער. אָבער בנימין האָט זיך ווידעראמאָל געווערט:

„ניין, דערהויבט מיך נישט; איך וויל נישט קיין באזונדער אָרט צווישן אייך צום זיצן. ווארום איך בין נישט מער, ווי איר אלע, און אפשר גאָר איינער פון די קלענסטע צווישן אייך. איך בין נישט מער, ווי אן אלטער מאַן, בלויז א קליין ביסל כח האָט מיר נאָך גאָט איבערגעלאָזט. איך בין אהערגעקומען, בלויז צו קוקן און אייך מיט אן עצה צו העלפן. אָבער דערווארט נישט פון מיר קיין נס!“

זיי האָבן הכנעהדיק געטון לויט זיין ווילן, און ער האָט זיך געזעצט צווישן זיי. דער איינציקער געדולדיקער צווישן דער אומגעדולד פון די אנדערע. אצינד ערשט איז דער ראש הקהל אויפגעשטאנען, כדי אים צו באגריסן.

„פרידן מיט דיר! געבענטשט דיין קומען, געבענטשט דיין אוועקגיין! אונזערע הערצער פרייען זיך דיך צו זעען“.

אלע האָבן פייערלעך געשוויגן. דאן האָט דער ראש הקהל אָנגעהויבן מיט א שטיל קול.

„מיר האָבן פון די ברידער אין רוים דערהאלטן די בשׂורה, אין וועלכע עס איז אונז אָנגעזאָגט געוואָרן דיין קומען און מיר האָבן געטון אלץ, וואָס מיר זענען געווען בכח צו טון. מיר זענען געגאנגען געלט זאמלען פון הויז צו הויז און פון אָרט צו אָרט, כדי מיר זאָלן קענען די מנורה אויסלייזן. מיר האָבן א מתנה צוגעגרייט, כדי דעם קיסרם הארץ ווייך צו מאכן. דאָס טייערסטע, וואָס מיר האָבן פארמאָגט, גיבן מיר אוועק, א שטיין פון בית שלמה, וואָס אונזערע אורעלטערן האָבן מציל געווען נאָכן חורבן, ווילן מיר אים געבן אלס מתנה. ווארום ער איז אצינד מיט אלע זיינע חושים אריינגעטון אין דעם געדאנק אויפצובויען א טעמפל, וואָס זאָל זיין הערלעכער פון די אלע ביז איצט געוועזענע, און פון

אלע לענדער און שטעט זאמלט ער פארן דאָזיקן צוועק דאָס הער־
לעכסטע און הייליקסטע. דאָס אלץ האָבן מיר געזען מיט פרייד
געטון. אָבער מיר זענען דערשראָקן געוואָרן, ווען מיר האָבן גע־
הערט, וואָס אונזערע ברידער אין רוים דערוואַרטן פון אונז: מיר
זאָלן דיר שאפן א צוטריט צום קיסר, כדי דו זאָלסט אויספּועלן ביי
אים די מנורה. דאָס האָט אונז שטארק איבערגעשראָקן, וואָרום
דער הערשער פונם דאָזיקן לאנד, יוסטיניאן, האָט אונז נישט ליב.
ער איז אומטאָלעראנט צו אלע, וואָס האלטן נישט געטרוי פון זיין
גלויבן, אלצאיינס, צי דאָס זענען אן אנדער מין קריסטן, צי היידן,
אָדער יידן. און אפשר גאָר איז אונזער פארבלייבן דאָ אין דער
דאָזיקער מלוכה שוין נישט אויף לאנג. אפשר וועט ער אונז בקרוב
ארויסטרייבן. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט צוגעלאָזן צו זיך עמעצן
פון אונז. און מיט א בושה אין הארץ בין איך דאָ אהערגעקומען
אצינד אין דעם דאָזיקן הויז, כדי דיר צו מוזן זאָגן: אוממעגלעך
איז די זאך, וואָס די ברידער אין רוים פאָדערן פון אונז. עס איז
אוממעגלעך, אז א ייד זאָל זיך שטעלן פאַרן קיסרס פנים".

דער ראש הקהל איז אנטשוויגן געוואָרן און זיין שטיל־
שווייגן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער ארומיקער מוראדיקער
שטילקייט. אלע האָבן פארבליפט אראָפּגעלאָזט די קעפּ. ווו איז
דער נס? ווי אזוי זאָל אן ענדערונג קומען, ווען דער קיסר פאר־
שליסט זיינע אויערן, זיינע חושים פאר דעם שליח פון גאָט? אָבער
דעם ראש הקהלס שטים איז לויטערער געוואָרן, בעת ער האָט
ווייטער גערעדט:

„אָבער עס איז וואונדערבאר און א טרייסט תמיד אויפסניי זיך
צו דערוויסן, אז ביי גאָט איז נישטא פאראן קיין אוממעגלעכע זאך.
ווען איך בין דאָ אהער מיט א שווער געמיט אריינגעגאנגען, איז
מיר אנטקעגנגעקומען איינער פון אונזער קהלה, זכריה, דער גאָלד־
שמיד, א פרומער און רעכטפארטיקער מאן און האָט מיר געבראכט
א ידיעה, אז דער וואונטש פון אונזערע ברידער אין רוים איז דער־

פילט. אין דער צייט, ווען מיר האָבן גערעדט אָן ציל, האָט ער אין דער שטיל געטון און דערגרייכט דאָס, וואָס האָט פאַר די קליגסטע אויסגעזעען אוממעגלעך. רעדי, זכריה, און קלער־אויף".

אין א הינטערשטער רייע איז איינער אומאנטשלאָסן אויפ־געשטאנען, א קליינער, שוואכלעכער און הויקערדיקער מענטש; ער האָט אויסגעזעען אומדרייסט און פארשעמט, ווייל אלע האָבן אויף אים אָנגעשטעלט נייגיריקע בליקן. ער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, כדי זיין רויט ווערן צו באהאלטן, וואָרום, ווי אן איינ־זאמער בעל מלאכה, וואָס איז געוווינט געווען תמיד צו ארבעטן אינדערשטיל, האָט ער זיך געשראָקן צו רעדן פאַר אַן עולם. ער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעהוסט, אָבער זיין קול איז געבליבן שוואך, ווי ביי א קינד.

„לויבט מיך נישט, רבי", האָט ער שטיל געפּליסטערט, „עס איז נישט מיין פארדינסט. גאָט האָט עס מיר לייכט געמאכט. זינט דרייסיק יאָר איז דער שאצמייסטער צו מיר גוט געשטימט, זינט דרייסיק יאָר ארבעט איך פאַר אים טאָג איין טאָג אויס. און ווען דאָס פאָלק איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעשטאנען געגן קיסר און די הייזער פון די הויפלייט זענען געוואָרן אויסגערויבט און פארברענט, האָב איך אים דריי טעג באהאלטן מיט ווייב און קינדער אין מיין הויז, ביז די סכנה איז פארביי. איך האָב דעריבער געוווּסט, אז ער וועט מיין יעדע בקשה דערפילן, אָבער איך האָב פון אים קיינמאָל גאָרנישט פארלאנגט. אצינד אָבער, בעת איך האָב דערהערט, אז בנימין געפינט זיך אין וועג, האָב איך אים צום ערשטן מאָל געבעטן און ער איז געגאנגען צום קיסר, כדי אים צו מעלדן, אז עס קומט אָן צו אים פון יענער זייט ים א גרויסע און געהיימע שליחות. און גאָט האָט געוואָלט, אז זיינע ווערטער זאָלן האָבן א כח און דער קיסר האָט באוויליקט די בקשה. מאָרגן וועט בנימין און דער ראש הקהל ארייגעלאָזט ווערן אין דער כאלקע, אין קיסרס אויפנעם־זאַל".

שטיל און אומדרייסט האָט זיך זכריה צוריק אנידערגעזעצט. אלע האָבן געשוויגן און געציטערט. וואָרום שוין דאָס אליין איז געווען א נאָך נישט געהערט ווּנדער, אז א ייד זאָל זיך מעגן ווייזן פארן פּנים פון דעם נישט צוטריטלעכן. זייערע הערצער האָבן גע־ציטערט, די אויגן האָבן זיך ברייט פונאנדערגעעפנט און די בשורה וועגן דעם גרויסן חסד האָט זיך דורכגעטראָגן איבער דעם ערפורכ־טיקן שטילשווייגן. אָבער ווי א פארווּנדעטער האָט בנימין ארויסגעקרעכצט:

„אָ גאָט, אָ גאָט! וואָס פאר א משא לייגט איר אויף מיר ארויף! מיין הארץ איז שוואך און איך קען נישט רעדן דאָס פרעמ־דע לשון. ווי אזוי זאָל איך מיך שטעלן פארן קיסר און פארוואָס גראָד איך? בלויז אן עדות צו זיין בין איך גערופן געוואָרן, בלויז אָנצוקוקן די מנורה, נישט זי אָנצורירן און אויסצוקעמפן. ווײַלט מיך נישט אויס! זאָל אן אנדערער רעדן. איך בין צו אלט, איך בין צו שוואך!"

אלע זענען געבליבן דערשראָקן. א נס איז געווען פאָרגעברייט, און אצינד זאָגט זיך אָפּ דער, וואָס איז געווען אויסגעווײַלט דערצו. אָבער בעת זיי האָבן נאָך געטראכט ביי זיך, ווי אזוי דעם שרעַ־קעדיקן דאָך איבערצורעדן, איז זכריה ווידער שטיל אויפגעשטא־נען פון זיין פלאץ. אנדערש האָט אצינד געקלונגען זיין קול, אנט־שלאָסן און פעסט.

„ניין, דו מוזט גיין און נאָר דו. נישט גרוים איז געווען מיין טרחה, אָבער דאָך, נאָר פאר דיר און נישט פאר קיין אנדערן וואָלט איך זי געטון. וואָרום איך ווייס, אויב עס געפינט זיך צווישן אונז אלע איינער, וואָס קאָן דער מנורה צוריקגעבן איר מנוחה, ביסטו דו עס".

בנימין האָט אָנגעשטעלט אויף אים דעם בליק. „ווי אזוי קענסטו דאָס וויסן?"

אָבער זכריה האָט איבערגעחזרט רואיק און אנטשלאָסן. „איך ווייס עס און שוין זינט גאָר לאנג. אויב עס איז דאָ איינער, וואָס קאָן דער מנורה צוריקגעבן מנוחה, ביסט דו עס".

בנימינען האָט דאָס הארץ א צאפל געטון פון דער דאָזיקער פעסטקייט. ער האָט באטראכט זכריהן, וואָס האָט אויף אים געקוקט, באשטעטיקנדיק און שמייכלענדיק, און פלוצלינג האָט זיך אים אויסגעדאכט, ווי ער וואָלט שוין אמאָל פריער געהאט געזעען די דאָזיקע אויגן. אויך זכריה האָט עפעס דערשפירט פונם דאָזיקן דערקענען, וואָרום זיין שמייכל איז ליכטיקער געוואָרן און ער האָט שוין היימישער גערעדט, נישט אכטנדיק אויף די אנדערע:

„געדענקסטו יענע נאכט, דערמאנסטו דיך איינעם, וואָס איז דעמאָלט מיטגעגאנגען מיט דער עדה, הורקנוס בן הלל?"

אצינד האָט זיך בנימין אויך צעשמייכלט. „ווי אזוי זאָל איך אים נישט געדענקען? יעדעס וואָרט און יעדן שאָטן געדענק איך פון יענער געבענטשטער נאכט".

זכריה האָט ווייטער גערעדט. „איך בין זיין אייניקלס זון. גאָלדשמידן זענען מיר אלע געוועזן און געבליבן, און ווי א קיסר אָדער א קעניג, וואָס האָט גאָלד און צירונג און זוכט א בעל מלאכה און א שאצער, קלויבט ער אויס איינעם פון אונזער משפחה. הורקנוס בן הלל האָט אין רוים אָפגעהיטן די מנורה אין איר גלות און אלע פון אונזער משפחה, אומעטום ווו מיר געפינען זיך פון דעמאָלט אָן, וואַרטן אויף דער שעה, ווען מען וועט זי ברענגען אין אן אנדער שאצקאמער צום אָפּהיטן, וואָרום ווו עס געפינען זיך אוצרות, דאָרט זענען אויך מיר דאָ אלס שאצערס און פורעמער. אָבער מיין פאָטערס פאָטער האָט געזאָגט צו מיין פאָטער און מיין פאָטער האָט עס מיר איבערגעגעבן, אז נאָך יענער נאכט, ווען דיין האנט איז דיר צעבראָכן געוואָרן, האָט רבי אליעזר, דער קב ונקי, וועגן דיר פאָרגעזאָגט, וואָס דו, א קינד נאָך, האָסט דערפון נישט

געוווּסט: „אַ זין מוז שטעקן אין זיין טאַט און אין זיינע ליידן. אויב איינער וועט אַמאָל די מנורה אויסלייזן, וועט עס נאָר דער דאָזיקער זיין".

אלע זענען דערציטערט געוואָרן. בנימין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ פאַרבליפטער האָט ער אַרויסגערעדט:

„קיין שום מענטש איז צו מיר נישט אַזוי גוט געווען, ווי רבי אליעזר אין יענער נאַכט און הייליק איז מיר זיין וואָרט. זייט מיר מוחל מיין אומדרייסטקייט. איין מאָל, אַלס קינד, בין איך אויך געווען מוטיק, אָבער די צייט און די עלטער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ שרעקעדיקן. אָבער נאָכאַמאָל בעט איך אייך אַלע: דער־וואָרט נישט פון מיר קיין נס! אויב איר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל גיין צו יענעם, וואָס האַלט אין זיין רשות די מנורה, וועל איך עס פּרוּוון, וואָרום ווייַ צו דעם, וועער עס זאָגט זיך אָפּ פון אַ דבר מצוה; אַליין פאַרמאָג איך נישט דעם כח פון וואָרט און פון רעדן, דאָך אפשר וועט גאָט מיר שענקען דאָס רעכטע וואָרט".

בנימינס קול איז אַראָפּגעפאַלן און זיין קאָפּ האָט זיך טיף געבויגן אונטער דער משא פון זיין שליחות. ער האָט נאָר שטיל געבעטן:

„זייט מיר מוחל, וואָס איך פאַרלאָז אייך אַצינד. איך בין אַן אַלטער מאַן און מיד פון דעם טאָג און פון דער רייזע. דערלויבט מיר אַוועקגיין זיך אויסרוען".

אלע האָבן אים מיט דרך ארץ אָפּגעטרעטן דעם וועג. בלויז איינער, זיין באַגלייטער יהויקים, דער אומגעצוימטער, האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן זיין אומגעדולד, בעת ער האָט דעם זקן געפירט אויף דעם פאַרגעברייטן פּלאַץ צו אָפּרו, און אים געפרעגט:

„אָבער וואָס וועסטו אים זאָגן מאָרגן, דעם קיסר?"

דער אלטער האָט נישט אויפגעהויבן דעם בליק, נאָר בלויז ווי צו זיך אליין ארויסגעמורמלט:

„איך ווייס נישט און וויל עס נישט וויסן. איך פארמאָג נישט קיין שום מאכט. אלץ מוז מיר געגעבן ווערן, און אלץ פון אים".

* *
*

לאנג נאָך זענען אין יענער נאכט די יידן פון פערא געזעסן אינאיינעם. קיינער האָט נישט געקאָנט שלאָפן. זיי האָבן אָן אן אויפהער גערעדט און זיך בארואטן מיט הייסע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן. נאָך קיינמאָל האָבן זיי זיך נישט געפילט אזוי נאָענט פון א נס. און אפשר וועט זיך אצינד באמת ענדיקן דאָס צעשפרייט זיין איבער דער וועלט, די גרויזאמע נויט פון דער פרעמד, דאָס אייביקע געיאָגט און געפּלאָגט זיין, דער אייביקער פחד בייטאָג און ביינאכט פאר דער קומענדיקער שעה, פאר דעם קומענדיקן מאָרגן? און אפשר איז דער זקן, וואָס איז דאָ מיט זיי געזעסן, טאקע דער אמתער שליח, איינער פון די וואָרט־גבורים, וואָס פלעגן אמאָל אויפשטיין אין דאָזיקן פאָלק און וואָס האָבן געוווּסט, ווי אזוי צו לענקען דאָס הארץ פון די מלכים צו גערעכטיקייט? וואָס פאר אן אומבאגרייפלעך גליק, וואָס פאר אן אומגלויבלעכער חסד צו קענען די הייליקייטן אהיימפירן, דאָס בית המקדש ווידער אויפבויען און אין זיין שאָטן וווינען — ווי אין א שכרות האָבן זיי דערפון גערעדט די גאנצע צעפלאָנטערטע לאנגע נאכט און וואָס אמאָל הייסער איז געוואָרן זייער בטחון. זיי האָבן פארגעסן דעם זקנס וואָרנונג, זיי זאָלן פון אים נישט דערוואַרטן קיין נס. וואָרום האָבן זיי דען נישט געלערנט אין די הייליקע ספרים, אז מען זאָל גלויבן אין גאָטס וווּנדער? און ווי וואָלטן זיי געקאָנט לעבן, זיי, די פארשטויסענע, געדריקטע און אייביק גערודפטע, ווען נישט דאָס אייביקע ווארטן און האָפן אויף דער דערלייזונג.

און וואָס מער עס זענען געלאָפן די שעהן, אלץ לענגער האָט זיך זיי אויסגעוויזן די נאכט און זיי האָבן שוין נישט געקאָנט מער זייערע הערצער צוימען; זיי האָבן כסדר געקוקט אויפן זאמד־זייגער, וועלכער איז פאר זיי געפלאָסן צו פאמעלעך און פויל; אלעמאָל פלעגט איינער פון זיי צוגיין צום פענסטער, און אנדערער ווידער אינדרויסן ארוים, כדי צו זעען, צי די פרימאָרגנשיין האָט שוין ענדלעך אָנגעהויבן גלאנצן ביים ראנד פונם פארטונקלטן ים און צי עס וועט זיך שוין אָנצינדן דער טאָג, פונקט ווי זייער אייגן ברענענדיק הארץ.

דער ראש הקהל האָט געהאט גרוים מי איינצוהאלטן זיין עדה, וואָס פלעגט אים געוועגלעך תמיד זיין געהאָרכזאם. ווארום אלע האָבן יענעם טאָג געוואָלט אריבער קיין ביזאנץ, אלע האָבן געוואָלט בנימינען באגלייטן און ווארטן פארן פאלאץ, בעת ער וועט רעדן מיטן קיסר, מיטן וועלטהערשער, כדי זיך צו געפינען נענטער צום אָרט פון נס. אָבער דער ראש הקהל האָט זיי שטרענג אויפגעקלערט, ווי געפערלעך עס וועט זיין זיך צו ווייזן אין א גע־שלאָסענעם צוג אָדער אין אן אָנזעעוודיקער מאסע פארן קיסרס פאלאץ, ווארום פיינטלעך איז געווען דאָס פאָלק און תמיד און אומעטום איז פאר יידן געווען געפערלעך דאָס ווארפן זיך אין די אויגן. בלויז מיט הארבע דראָאונגען איז אים געלונגען אויסצו־פירן, זיי זאָלן אלע בלייבן פארזאמלט אין דעם בית הכנסת פון פערא און, אומזעבאר פאר אנדערע, תפלה טון צו דעם אומזעבארן, בעת בנימין איז געפירט געוואָרן צום גרויסן הערשער. און אזוי האָבן זיי מתפלל געווען און געפאסט דעם דאַזיקן גאנצן טאָג. יעדער איינער פון זיי האָט תפלה געטון אזוי הייס און שטארק, גלייך ווי אין יעדן איינעמס קליינעם הארץ וואָלט געשטעקט די בענקשאפט פון אלע יידן אויף דער וועלט. און זייערע חושים זענען געבליבן פארשלאָסן פאר אלע געדאנקען אויף דער וועלט, חוץ פאר דעם איינעם: יענער זאָל דעם נס באווייזן און די קללה

פון גלות זאָל מיט דערבארעמדיקייט אראָפּגענומען ווערן פונם פאָלק.

* *
*

עס איז געווען נאָענט צו האלבן טאָג, דער אַנגעוויזענער צייט, בעת בנימין און דער ראש פון דער קהלה האָבן באטרעטן דעם גרויסן, פּירעקיקן, מיט זיילן ארומגערינגלטן פּלאץ פאר יוסטיניאנס פּאלאץ. הינטער זיי האָט דער יונגער, קרעפּטיקער יהויקים געשלעפּט אויף די אקסלען א שווערע צוגעדעקטע משא. פּאמעלעך, רואיק און ערנסט זענען די ביידע זקנים, אָנגעטון אין שווארצע איינפאכע מלבושים צוגעגאנגען צום בראָנזענעם טויער פון דער כאלקע, וואָס האָט געבילדעט דעם איינגאנג צו דעם פּראכטפולן אויפנעמזאל פון די ביזאנטינישע מלכים. אָבער א סך לענגער פון דער באשטימטער צייט האָבן זיי געמוזט ווארטן אין פּאָרזאל, וואָרום אין ביזאנטינישן הויף איז מיט א כיוון געווען איינגעפירט דער מנהג צו לאָזן די שליחים און שתדלנים אָן א שעור ווארטן אין פּאָרזאל, כדי דאָס דאַזיקע ווארטן זאָל זיי לערנען, וואָס פאר אן אומגעווענלעכן חסד עס ווערט זיי צוגע־טיילט דורך דער דערלויבעניש צו מעגן זיך באווייזן פארן הערשער פון דער וועלט. א שעה און צוויי און דריי האָט מען די צוויי זקנים געלאָזט שטיין אויפן קאלטן מארמאָר, נישט געבנדיק זיי אפילו קיין שטול אָדער א באנק. פארביי זיי זענען מיט ליידיק־גייערישער איילעניש דורכגעגאנגען די הויכגעשטעלטע לייט און די פעטע סריסים, די וואכלייט פון הויף און די אין פארבן פונק־לענדיקע דינער, אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי, נישט צוגעוואָרפן קיין בליק, קיין וואָרט. בלויז פון די ווענט האָבן פילפארביק און קאלט אראָפּגעקוקט אויף זיי די אייביק גלייכע מאָזאאיקעס און פון אויבן האָט דער מיט זיילן אונטערגע־לענטער קופּאָל, וואָס אמאָל טיפער אויסגעמישט זיין שפעדיק גאָלד

מיט די שטראַלן פון דער זון. אָבער בנימין און דער ראש פון דער קהלה האָבן געוואַרט געדולדיק און שטיל. ווי זקנים האָבן זיי שוין געקענט דאָס וואַרטן. צופיל צייט איז שוין פאַר זיי פאַר־בייגעפלאָסן, אַז אַ שעה אָדער צוויי זאָל ביי זיי נאָך זיין עפּעס אַ באַטרעף. יהויקים אָבער, דער יונגער, דער אומגעדולדיקער, האָט נייגעריק באַטראַכט יעדן, וואָס איז אָנגעקומען אָדער אַוועקגע־גאַנגען, און פאַר אומגעדולדיקייט כסדר געהאַלטן אין איין איבער־ציילן די שטיינדלעך פון די מאָזאַאיקעס, כדי זיך די שרעקלעך פּאַ־מעלעכע צייט צו פאַרקירצן.

ענדלעך, די זון האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזט פון זעניט, איז צו זיי צוגעקומען דער פּרעפּאָזיטוס סאַקרי קוביקולי און זיי באַקאַנט געמאַכט מיט די מנהגים, וואָס דאָס געשריבענע הויפ־געזעץ פאָדערט דורכאויס ביי יעדן, וואָס האָט באַקומען די זכיה זיך צו ווייזן פאַרן קיסר. ווי נאָר די טיר עפנט זיך, האָט ער זיי געלערנט, מוזן זיי מיט אַ געבויגענעם קאָפּ גיין צוואַנציק טריט ביז צום אָרט, וווּ עס געפינט זיך אַ ווייסער שטריך אויף די קאָ־לירטע מאַרמאָרנע פּליטן, אָבער ווייטער טאָרן זיי זיך נישט רירן, כדי זייער אָטעם זאָל זיך נישט אויסמישן מיטן קיסרס אָטעם. און איידער זיי מעגן וואַגן אויפצוהייבן דעם בליק צום מאָנאַרך, דאַרפן זיי זיך דריי מאָל אַנידערוואַרפן אויף דער ערד מיט אויס־געשטרעקטע הענט און פיס. ערשט דערנאָך איז זיי דערלויבט זיך צו דערנענטערן צו די פּאָרפירענע טרעפּ פון טראָן, כדי צו קושן דעם אַראָפּהענגענדיקן פּורפּורנעם שלעפּ פון באַזילעאוס.

„ניין", האָט יהויקים זיך שטיל געכעסט, „בלויז פאַר גאָט מעגן מיר זיך צו דער ערד בוקן, נישט פאַר קיין מענטש. איך וועל עס נישט טון".

„שווייג", האָט בנימין שטרענג געענטפערט, „פאַרוואָס טאָר איך נישט קושן די ערד? האָט זי דען נישט גאָט באַשאַפן? און

ווען עס זאָל אפילו אַן עבירה זיין זיך צו בוקן פאַר אַ מענטש, מעגן מיר אפילו אַן עבירה טון צוליב דעם הייליקסטן".

אין דער דאָזיקער רגע האָט זיך געעפנט די עלפנביינערנע טיר פונם אויפנעמזאל. עס איז ארויסגעקומען אַ גרופּע קאַווקאַזער, וואָס איז דאָ אהערגעשיקט געוואָרן אויסצודריקן דעם קיסר פאַרערונג. הינטער זיי האָט זיך געריוושלאָז פאַרמאַכט די טיר, דאָך זענען די פרעמדע נאָך געבליבן שטיין צעטומלטע אין זייערע פוטערהיטלען און סאַמעטענע בגדים. אויף זייערע פּנימער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ גרויסע צעטראָגנקייט: יוסטיניאַן האָט משמעות הארט און געביטעריש אָנגעשריגן אויף זיי. היות זיי האָבן אים אין נאָמען פון זייער פאָלק אָנגעבאָטן בלויז אַ בונד און נישט קיין פולשטענדיקע אונטערטעניקייט. יהויקים האָט נייגיריק געגלאָצט אויף די פרעמדע און אויף זייער משונהדיקער קליידונג, אָבער דער פּרעפּאָזיטוס האָט אים באַלד באַפוילן צו נעמען אויף די אַקסלען די פאַרהילטע משא און דערמאַנט די אַלטע לייט, זיי זאָלן אים געטרוי פאָלגן. דערנאָך האָט ער שטיל אַ קלאַפּ געטון מיט זיין גאָלדענעם שטעקן — עס האָט זיך דערהערט אַ זייער דינער, קלינגענדיקער טאָן — אין דער עלפנביינערנער טיר. זי האָט זיך געריוושלאָז געעפנט פון אינעווייניק און אַלע דריי, צו וועלכע עס איז נאָך אויף אַ ווינק פון פּרעפּאָזיטוס צוגעקומען אַ דאָלמעטשער, האָבן באַטרעטן דעם גרויסן טראָנזאַל פון די ביזאַנטינישע מלכים, דאָס קאָנסיסטאָריאָן.

פון דער טיר ביז צום מיטן פונם ריזיקן זאַל איז געווען אויסגעשטעלט רעכטס און לינקס אַ שפּאַליער פון סאָלדאַטן, דורך וועלכן זיי האָבן געמוזט דורכגיין; אַ רויטבאַקליידטע, אומבאַוועגלעכע רייע, יעדער סאָלדאַט מיט דער שווערד ביי דער זייט. דעם פאַרגילדטן העלם מיט דעם ריזיקן רויטן פעדערנעק אויפן קאָפּ, אַ הויכן שפּיז אין דער האַנט און איבער די אַקסלען די שרעקלעכע צווייזשאַרפיקע האַק. פונקט ווי אין אַ מויער איז צוגעפּאַסט שטיין

צו שטיין אין א גלייכער ליניע, יעדער איינער פון דער זעלבער גרייס, סימעטריש און אָן א שפּארונקע, אזוי איז פארגליווערט גע־שטאנען דער דאָזיקער שפּאליער פון מענער אין אן אומבאוועגלע־כער גלייכקייט און פּונקט אזוי שטיינערן פארגליווערט זענען הינטער זיי געשטאנען די פירער פון די קאָהאָרטעס, אומבאוועג־לעך האלטנדיק די פענער. פּאמעלעך זענען די דריי און דער זאַל־מעטשער דורכגעגאנגען די דאָזיקע אָטעמלאָזע, אומבאוועגלעכע וואנט פון מענטשן, וועמעס אויגן עס זענען געווען פּונקט אזוי פארגליווערט, ווי זייערע קערפּערס און פון וועלכע עס האָט קיי־נער נישט אויפגעהויבן דעם בליק אויף זיי; קלאנגלאָז זענען זיי אין דער דאָזיקער שטילקייט געגאנגען אלץ טיפער אין זאל, ווי עס האָט משמעות — ווארום די אויגן האָבן זיי נאָך אלץ נישט געטאָרט אויפהויבן — געווארט אויף זיי דער קיסר. אָבער בעת דער פרעפאָזיטוס, וואָס איז געגאנגען זיי פאָראויס מיטן גאָלדע־נעם שטעקן, איז שטיין געבליבן און זיי, ווי עס איז דערלויבט גע־ווען, האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום קיסרס טראָן, איז נישט געווען קיין טראָן און קיין קיסר. נאָר א זיידענער פאָרהאנג האָט פאר זיי פארשטעלט אלץ, א פאָרהאנג, אויסגעשפּאנט איבער דער גאנצער ברייט פון גרויסן זאַל. אומבאוועגלעך זענען די דריי גע־שטאנען און געשטוינט פאר דער דאָזיקער פארביקער צוריק־שטויסנדיקער וואנט.

דאן האָט דער צערעמאָניעמייסטער ווידער אויפגעהויבן דעם שטעקן. און מיטאמאָל האָבן די פאָרהאנגען, רוישנדיק דורך אומ־זעבארע שנירן, זיך פונאנדערגערוקט און אין הינטערגרונט האָט זיך איבער דריי פאָרפירענע שטאפּלען דערהויבן דער טראָן מיט דער איידלשטיינער באצירטער טראָנשטול, אויף וועלכער דער באזילעאוס איז געזעסן איבערשאָטנט דורך א קופּאָל פון גאָלד. א פארגליווערטער איז ער געזעסן, דער דיקער, מעכטיקער מאן, גיכער ענלעך צו זיין בילד, ווי ער אליין, און זיין שטערן איז פאר־

שווונדן געוואָרן אונטער דעם שטראַלנדיקן שיין פון דער קרוין, וואָס האָט רונד, ווי א נימבוס געלויכטן ארום זיין קאָפּ. דעסט־גלייכן ווי אין א בילד פארגליווערט זענען געשטאַנען ארום אים אין א פארטיפטן קרייז די לייבהיטער אין ווייסע טוניקעס, און פאר זיי, אין באַגילדטע העלמען, גאָלדענע קייטן ארום האלז און אָנגעטון אין ברייטע פורפורענע זיידענע קליידער, האָבן זיך גע־פונען די סענאַטאָרן, די הויכגעשטעלטע לייט. עס האָט זיך גע־דאכט, ווי ס'זאָל ביי אלעמען זיין אָפּגעשטעלט דער אָטעם, פאר־גליווערט דער בליק, און די כונה פון דער דאָזיקער איינגעלערנטער פארגליווערטקייט איז געווען, אז יעדן, וואָס ווייזט זיך צום ערשטן מאָל פארן וועלטהאר, זאָל פאר ערפורכט דאָס האַרץ פארגלי־ווערט ווערן.

און באמת, דער ראש הקהל און יהויקים האָבן דערשראָקן אראָפּגעלאָזט דעם בליק, ווי עס טרעפט מיט איינעם, וואָס טוט אומגעריכט א קוק אין א שטארקער זון. בלויז בנימין, דער טיפער זקן האָט קלאָר און אומדערשראָקן אויפגעהויבן דעם בליק צום קיסר. וואָרום שוין צען מלכים און הערשער פון רוים האָט ער, ער איינער, אין זיין לאַנגן לעבן איבערגעלעבט; האָט ער דעריבער גע־ווּסט, אז ביי אלע זייערע כבודים און קרוינען זענען די מלכים דאָך שטערבלעכע מענטשן, וואָס עסן און טרינקען, לאָזן מיסט און באשלאָפן ווייבער און שטארבן אוועק, גלייך ווי אלע אנדערע. זיין נשמה איז געבליבן פעסט און נישט אויפגעטרייסלט געוואָרן. ער האָט רואיק אויפגעהויבן דעם בליק, כדי צו לייענען אין די אויגן פונם הערשער, צו וועלכן ער איז געשיקט געוואָרן בעטן.

מיטאמאָל האָט ער דערפילט פון הינטן א שאַרפע באַרירונג אויף די אקסלען מיטן גאָלדענעם שטעקן און ער האָט זיך באלד דערמאָנט אָן דעם געפאָדערטן מנהג. ווי שווער עס איז געווען פאר זיינע אלטע גלידער, האָט ער זיך דאָך אנידערגעוואָרפן אוף די קאלטע מארמאָרנע פליטן, די הענט, די פיס אויסגעצויגן; דריי

מאָל האָט ער צוגעלייגט דעם שטערן צום באָדן און זיין פארפלאָנ־טערטע באָרד האָט פרעמד גערוישט איבער די געפילראָזע שטיי־נער. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, עס האָט אים דערביי צו־געהאָלפן זיין באגלייטער יהויקים, מיט א געבויגענעם נאקן צו־געגאנגען, ביז צו די טרעפּ און געקושט דעם זוים פון קיסרס פורפור־קלייד.

אומבאוועגלעך איז געבליבן זיצן דער באזילעאוס. זיינע אויג־אפּלען האָבן געגלאָצט, ווי גרינער שטיין, די וויעס, די ברעמען האָבן זיך נישט באוועגט. ער האָט הארט אוועקגעקוקט, נישט אכטנדיק אפילו אויפן זקן. וואָרום עס איז אים גלייכגילטיק גע־ווען, דעם קיסר, וואָס ביי זיינע פיס קומט פאָר און וואָס פאר א ווערים עס קריכן גראָד אויפן זוים פון זיין קלייד.

אלע דריי זענען דערוויייל אויף א ווינק פונם צערעמאָניע־מייסטער ווידער צוריקגעטרעטן און געבליבן שטיין אין א רייע; בלויז דער דאָלמעטשער האָט זיך געפונען א טריט פאָראויס, ווי זייער לעבעדיק מויל. דער פרעפּאָזיטוס האָט ווידער אויפגעהויבן דעם שטעקן. דאן האָט דער דאָלמעטשער אָנגעהויבן צו רעדן: א ייד איז דאָס, בכיוון אהערגעקומען אין שליחות פון די אנדערע אין רוים, כדי דעם קיסר פון דער וועלט צו ברענגען א דאנק און גליקוווּנטשן, וואָס ער האָט זיך נוקם געווען אין די רויבער פאר רוים און אויסגעלייזט ים און יבשה פון די דאָזיקע ווילדע פיראטן. און היות די יידן פון דער גאנצער וועלט, וועלכע איז דעם קיסרס אייגנס, האָבן געהערט, אז דער באזילעאוס וויל דורך זיין קלוג־שאפט אויפבויען א הויז לכבוד דער הייליקער חכמה, האגיא סאָפיא, א גאָטסהויז, וואָס זאָל זיין הערלעכער און קאָסטבארער פון אלע, וואָס מען האָט ביז איצט געזען אויף דער וועלט, פילן זיי, נישט געקוקט אויף זייער אָרימקייט, א געוואלדיקן פארלאנג עפּעס צושטייער צו געבן פאר דעם דאָזיקן בנין. קליין איז זייער געשענק, אויב מען זאָל פארגלייכן מיט דעם קיסרס הערלעכקייט,

אָבער דאָך איז עס דאָס העכסטע און הייליקסטע, וואָס זיי פאַר־מאָגן פון אַלטע צייטן. בעת זייערע אורעלטערן זענען אוועק פון ירושלים, האָבן זיי איין שטיין פון שלמהס היכל מיט זיך אָפּגעראַ־טעוועט. דעם דאָזיקן האָבן זיי אַצינד דאָ אהערגעבראַכט, ער זאָל אַריינגעזעצט ווערן אין פונדאַמענט, כדי אַ טייל און אַ ברכה פון שלמהס הייליקן הויז זאָל זיך געפינען אין יוסטיניאַנס הויז.

אויף אַ צייכן פונם פּרעפּאָזיטוס האָט יהויקים אַראָפּגענומען דעם שווערן שטיין און אים צוגערוקט צו די מתנות, וואָס די קאַווקאַזער שליחים האָבן געהאַט אָנגעהויפט אויף דער לינקער זייט טראָן, פעלצן, הינדוסטאַנישן עלפנביין און אויסגעהאָפטענע קאַשמירן. אָבער יוסטיניאַן האָט זיין בליק נישט געווענדט, נישט צום דאָלמעטשער, נישט צו דער מתנה. הויל און געלאַנגווייליקט האָט ער פאַר זיך געקוקט אין דער פוסטקייט אַריין און פויל גע־נומען באַוועגן מיט די ליפּן, עס האָט געקלונגען אָנגעברוגזט און פאַרעכטלעך:

„פרעג, וואָס זיי באַגערן!"

דער דאָלמעטשער האָט מיט מליצה־רייד דערקלערט, אַז אין דעם הערלעכן מלחמה־רויב, וואָס בעליסאַר האָט אהיימגעבראַכט, געפינט זיך אַן אומבאַדייטנדיקע זאַך, וועלכע איז אָבער באַזונדערס טייער דעם דאָזיקן פאָלק. וואָרום דער לייכטער מיט די זיבן רערן, וואָס איז אַמאָל דורך די געצנדינער אוועקגעפירט געוואָרן איבער ימים און לענדער, איז גערויבט געוואָרן אין שלמהס היכל, אין דעם גאָטסהויז פון די יידן. דעריבער ווילן די יידן הכנעהדיק דעם קיסר בעטן, ער זאָל באַווייליקן זיי אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן לייכ־טער פונם מלחמה־רויב און זיי וועלן זיין גאָלדווערט אויסקויפן מיט דעם טאָפּלטן און מיט דעם צענפאַכן פון זיין געוויכט. עס וועט נישט זיין קיין איין הויז און קיין איין אָרים שטיבל, וווּ אַלע יידן אויף דער גאַנצער וועלט זאָלן נישט בעטן יעדן טאָג אין

זייערע תפלות פאר דעם בעסטן פון אלע מלכים און פאר דער דויערהאפטיקייט פון זיין הערשאפט.

דער בליק פונם באזילעאוס איז געבליבן קאלט. ער האָט מיט פאררדרוס געענטפערט:

„איך וויל נישט פון נישט־קריסטן קיין געבעט. אָבער פרעג זיי, וואָס איז די מער מיט דער זאך און וואָס פאר א כונה האָבן זיי דערמיט”.

דער דאָלמעטשער האָט געקוקט אויף בנימינען, בעת ער האָט אים איבערגעזעצט די דאָזיקע ווערטער און בנימין האָט דערפילט א ציטער און א קעלט אין די גלידער פון דעם קיסרס קאלטן בליק. ער האָט געשפירט א ווידערשטאנד און עס איז אים באפאלן א שרעק, אז ער וועט אים נישט קענען באזיגן. האָט ער בעטנדיק אויפגעהויבן די הענט.

„האר, באטראכט, עס איז דאָס איינציקע, וואָס איז אונזער פאָלק פארבליבן פון זיינע הייליקטימער. מען האָט חרוב געמאכט אונזער שטאָט, איינגעוואָרפן אונזערע מויערן, אונזער היכל צע־שטערט! אלץ, וואָס מיר האָבן געליבט און געהאט און געערט, איז פארוויסט געוואָרן. בלויז איינס, דער דאָזיקער לייכטער, איז גע־בליבן דורך די צייטן. טויזנט יאָר איז ער אלט, עלטער, ווי אלץ אויף דער ערד און זיבט הונדערטער יאָרן וואנדערט ער ארום אָן א היים; און אונזער פאָלק וועט קיין רו נישט האָבן, כל זמן ער וואנדערט. האר, דערבארעם דיך איבער אונז! דער דאָזיקער לייכ־טער איז דאָס לעצטע פון אונזער האָב און גוטס, גיב אים אונז צוריק! באטראכט, גאָט האָט דיך דערהויבן פון דער טיפעניש צו דער הויך און דיך רייך געמאכט מער פאר אלע, און גאָט וויל, אז דער, וועמען ער גיט, זאָל אויך געבן: האר, וואָס איז פאר דיר די איינע זאך, וואָס איז פאר דיר דער ארומוואנדערנדיקער לייכטער! האר, זאָל שוין גענוג זיין און גיב אים די מנוחה!”

דער דאַלמעטשער האָט איבערגעזעצט די רייד מיט הויפלע־כער פאַרשענערונג. דער קיסר האָט זיך גלייכגילטיק צוגעהערט. אָבער ווי נאָר ער האָט דערהערט בנימינס ווערטער, אַז גאָט האָט אים פון דער טיפעניש דערהויבן, איז זיין פּנים פאַרוואָלקנט גע־וואָרן. וואָרום נישט בכיוונדיק איז יוסטיניאַן דורכדעם דערמאָנט געוואָרן, אַז ער, דער צו גאָט גלייכער, איז געבוירן געוואָרן ווי אַ זון פון פּשוטע פּויערים אין אַ טראַקיש דאָרף. זיינע ברעמען האָבן זיך שאַרף צוזאַמענגעצויגן און שוין האָבן זיך זיינע ליפּן אויסגע־צויגן, אַרויסצוברענגען אַ אָפּזאָג־וואָרט.

אָבער מיט דער וואַכזאַמקייט פון שרעק האָט בנימין שוין באַנומען, ווי דאָס אָפּזאָג־וואָרט פאָרעמט זיך אויף דעם קיסרס ליפּן און אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ האָט ער שוין געהערט דעם שרעקלעכן, דעם נישט אָפּרופלעכן ניין. און די דאָזיקע שרעק האָט אים אויפגעטרייסלט. ווי אַן אינערלעכע פויסט האָט זי אים אַ שטויס געטון פאָראויס, און פאַרגעסנדיק אָן דער פאָרשריפט, וואָס האָט פאַרווערט איבערצוטרעטן דעם ווייסן שטריך איבערן מאַר־מאָר, איז ער צוגעטרעטן — אַלע זענען דערשראָקן געוואָרן — האַרט ביז צום טראָן און אַליין נישט פילנדיק, האָט זיך אים די האַנט בעטנדיק אַ הויב געטון צום קיסר:

„האַר, עס גייט דאָ וועגן דיין מלוכה, וועגן דיין שטאָט! נעם דיך נישט איבער און פּרוּוו נישט צו פאַרהאַלטן דאָס, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרהאַלטן. אויך בבל איז געווען גרויס און רוים און קאַרטאַגאָ, דאָך זענען זייערע טעמפּלען, וואָס האָבן אים, דעם לייכטער, ביי זיך געהאַלטן, צעשטערט געוואָרן און די מויערן, וואָס האָבן אים איינגעשלאָסן, זענען איינגעפאַלן. ער, בלויז ער, איז געבליבן אומבאַרירט און יענע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות. ווער עס פּרוּווט אים צו פאַרהאַלטן, דעם צעשמעטערט ער די האַנט און ווער עס טרייבט אים צום וואַנדערן, ווער אַליין קיין מנוחה נישט האָבן! וויי, ווער עס האַלט איין דאָס,

וואָס איז נישט זיין! ווארום עס וועט קיין שלום נישט זיין פון גאָט, איידער זיין היילקטום וועט נישט האָבן צוריקגעקערט אויף זיין הייליקן פּלאץ. האר, איך וואָרן דיך: גיב צוריק דעם לייכטער!"

אלע זענען געשטאנען צעטומלט. קיינער האָט די ווילדע ווערטער נישט פארשטאנען. בלויז איינס האָבן די הויכגעשטעלטע לייט מיט שרעק געזעען, אז איינער האָט געוואגט, וואָס ס'האָט נאָך ביז אצינד קיינער נישט געוואגט: אין דער צעהיצטקייט צוצוגיין אזוי נאָענט צום קיסר און ארויסצוכאפּן דעם מעכטיקסטן פון דער וועלט דאָס וואָרט פון מויל. מיט שרעק האָבן אלע געקוקט אויף דעם זקן, וועלכער איז דאָ געשטאנען, צעטרייסלט פון שארפן ווייטיק, מיט טרערן אין דער באָרד און בליצנדיקע אויגן פון צאָרן. ווייט הינטער אים אָפּגערוקט איז א געבויגענער געשטאנען דער ראש הקהל, דער דאָלמעטשער האָט זיך געהאט צוריקגעצויגן, און אלץ נאָך גאנץ אליין און גאנץ נאָענט, אויג אין אויג איז בנימין געשטאנען פארן באזילעאוס.

יוסטיניאן האָט זיך אויפגעכאפּט פון זיין פארגליווערטקייט. ער האָט צעטומלט געקוקט אויף דעם אלטן פון צאָרן פארשכורטן מאן און דערנאָך אומגעדולדיק אויף דעם דאָלמעטשער, ער זאָל אים די ווערטער איבערזעצן. דער דאָלמעטשער האָט דאָס געטון מיט פאָרזיכטיקער ווייכקייט. זאָל דער קיסר אין זיין גוטסקייט מוחל זיין דעם אלטן מאן זיין אומפאסיקע טאט, ווארום בלויז די זאָרג פארן ווייל פון דער מלוכה האָט אים צעטומלט. ער האָט בלויז דעם קיסר געוואָלט וואָרענען: א שרעקלעכע קללה פון גאָט ליגט אויף דער דאָזיקער כלי. ווער עס באהאלט זי, דעם ברענגט זי אומגליק און יעדע שטאָט, וואָס נעמט זי צו זיך, פאלט אריין צום שונא. דער אלטער מאן האָט דעריבער געהאלטן פאר זיין חוב צו וואָרענען דעם קיסר און אים צו באוועגן, ער זאָל אראָפּנעמען די קללה פון יענער כלי, דערמיט וואָס ער וועט זי צוריקגעבן צום אָרט, פונוואנען זי שטאמט, קיין ירושלים.

יוסטיניאן האָט געהאַרכט מיט א געקניײטשטן שטערן: עס האָט אים פאַרדראָסן די חוצפה פונם אלטן ייד, וואָס האָט אין זײן געגנוואַרט אויפגעהויבן דאָס קול און די פויסט. אָבער גלייכצייטיק האָט דערוואַכט אין אים אן אומרואיקייט. וואָרום ווי א פויערישער זון, איז ער געווען אבערגלויביש, און ווי יעדער בר מזל האָט ער מורא געהאַט פאַר כשוף און סמנים. ער האָט א שטיקל צייט גע־שוויגן און נאָכגעטראַכט. דערנאָך האָט ער טרוקן באַפוילן:

„עס זאָל געשעען. מען זאָל אַרויסנעמען די כלי פונם מלחמה־רויב און זי ברענגען קיין ירושלים!"

דער אלטער מאַן האָט געציטערט, בעת דער דאָלמעטשער האָט איבערגעזעצט די ווערטער. ווי א העלער בליץ האָט די גליק־לעכע בשורה אים געטראָפן און אים ליכטיק געמאַכט דאָס האַרץ. אצינד איז שוין אלדינג דערפילט. צוליב דער דאָזיקער רגע האָט ער געלעבט. צוליב דער דאָזיקער רגע האָט אים גאָט דערהאַלטן ביז אצינד. און אליין נישט ווויסנדיק און נישט פילנדיק, האָט ער ציטערנדיק אויפגעהויבן די אײנע, די גאַנץ געבליבענע האַנט, ווי ער זאָל וועלן אין זײן דאַנקבאַרקייט ביז צו גאָט דערלאַנגען.

אָבער יוסטיניאן האָט שאַרף אָבסערווירט, ווי דעם אלטן מאַנס פּנים לויכט אויף פאַר פרייד. א חשק צו רשעות איז אים באַפאַלן. זאָל דער דאָזיקער חוצפּהדיקער ייד נישט קענען אוועק־גיין און זיך פאַר זײן פאָלק באַרימען: איך האָב אויסגעפירט ביים קיסר און אים באַזיגט. ער האָט בייז און שאַרף געשמייכלט.

„פריי דיך נישט צו פרי. וואָרום נישט צו אייך יידן זאָל דער לייכטער געהערן און נישט באַנוצט ווערן צו אייער פאַלשער עבודה".

און ער האָט זיך געווענדט צו עאופעמיוס, דעם בישאָף, וואָס איז געשטאַנען רעכטס פון אים.

„ווען דו וועסט נאָך דער נייער לבנה פֿאָרן הייליקן די נייע קירכע אין ירושלים, וואָס טעאָדאָרא האָט מנדב געווען, זאָלסטו מיטנעמען דעם דאָזיקן לייכטער. אָבער נישט אויפן אלטאר זאָל ער לייכטן, נאָר ער זאָל אָן ליכט געשטעלט ווערן אונטער דעם אלטאר, כדי יעדער זאָל קלאָר זעען, ווי אונזער גלויבן שטייט איבער זייערן און דער אמת איבער דעם טעות. אין דער אמתער קירכע זאָל ער געהיטן ווערן, נישט ביי יענע, צו וועלכע דער דערלייזער איז גע־קומען און זיי האָבן אים נישט דערקענט".

דער אלטער מאן איז דערשראָקן געוואָרן. ער האָט די פרעמדע ווערטער נישט פארשטאנען. אָבער ער האָט געפילט דעם בייזן שמייכל ארום דעם קיסרס מויל און אז דער קיסר האָט באפוילן עפּעס אזעלכעס, וואָס איז אים לרעה. ער האָט נאָך געוואָלט האס־טיק זיך ווארפן אויף די קני מיט בקשה. אָבער יוסטיניאן האָט שוין געהאט א בליק געוואָרפן צום פּרעפּאָזיטוס. דער דאָזיקער האָט א הויב געטון דעם שטעקן און די פּאָרהאנגען האָבן מיט גערויש זיך פארצויגן: נישט געווען מער קיין קיסר און קיין טראָן, געענדיקט דער אויפנעם.

א צעטומלטער איז דער זקן געבליבן שטיין פאר דער פאר־שלאָסענער וואנט. דאן האָט דער צערעמאָניעמייסטער פון הינטן אים באַרירט די אקסלען, אז ער מוז שוין אוועקגיין. מיט א פאר־טונקלטן בליק איז דער אלטער, אָנגעלענט אויף יהויקימען, מיט וואקלענדיקע טריט ארויסגעגאנגען. ער האָט געפילט, אז שוין צום צווייטן מאָל האָט אים גאָט צוריקגעשטויסן, בעת די הייליקייט האָט זיך שוין כמעט געפונען אין זיינע הענט. ווידער איז געווען פארשפּעטיקט די ריכטיקע שעה, ווידער האָט די מנורה געהערט צו פרעמדע.

* *
*

עטלעכע טריט נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלאָזט דעם קיסרס פּאַלאַץ, האָט בנימין, דער ווידעראמאָל ביטער געפּרוּווטער, פּלוצ־לינג אָנגעהויבן פאַלן פון די פיס. דער ראש הקהל און יהויקים האָבן מיט אַלע כחות געמוזט אונטערהאַלטן דעם פאַרשלאָפטן זקן. זיי האָבן אים צוגעטראָגן צו א נאָענט הויז און אַריינגעלייגט אין בעט. אויסגעלאָשן איז געווען די קאָליר אין זיין פּנים, מיט פאַרמאַכטע אויגן איז דער זקן געלעגן און מען האָט שוין געמיינט, אז דער טויט האָט אים אַרומגענומען, וואָרום די בלוטלאָזע הענט האָבן מאַכטלאָז אַראָפּגעהאַנגען, און בעת דער ראש הקהל האָט אים מיט שרעק באַטאַפּט דאָס האַרץ, האָט עס געקלאַפּט פאַמעלעך און שוואַך. דער זקן איז אָפּגעלעגן שעהן נאָך שעהן אינגאַנצן גע־פּיללאָז, גלייך ווי עס זאָלן אים האָבן אויסגעגאַנגען אַלע כחות מיט יענעם בחנמדיקן אויסגעשריי פאַרן קיסר; אָבער מיטאַמאָל — דער אָוונט איז שוין געהאַט צוגעפאַלן — האָט דער טויטמידער זקן צו ביידנס פאַרוווּנדערונג פּלוצלינג זיך געטון א כאַפּ אויף און זיי אָנגעקוקט מיט א פרעמדן בליק, ווי איינער, וואָס איז צוריק־געקומען פון יענער וועלט. דערנאָך אָבער, דערקענענדיק זיי, האָט ער צו זייער נייער פאַרוווּנדערונג האַסטיק באַפוילן, זיי זאָלן אים די מינוט אַריבערפירן צום בית הכנסת פון פּערא, ער וויל זיך גע־זעגענען מיט דער עדה. בחנם איז געווען ביידנס איינריידן אים, ער זאָל נאָך רוען און זיך שוינען. דער אַלטער איז עקשנותדיק באַ־שטאַנען אויף זיין באַפעל און זיי האָבן אים געמוזט פאָלגן. אויף א טראָגבעטל האָבן זיי אים געבראַכט צו א שיפל און מיטן שיפל אַריבער קיין פּערא. ווי א שלאָפנדיקער האָט ער זיך געלאָזט פירן, דער בליק פּוסט, דאָס מויל פאַרשלאָסן.

די יידן אין פּערא האָבן דערווייל שוין לאַנג געהאַט געהערט דעם קיסרס ענטפער און באַפעל. אָבער צו שטאַרק איז ביי זיי פריער געווען דער בטחון אין א נס, אז זיי זאָלן זיך אצינד קענען פרייען מיט דער באַווייזונג צוריק אהיימצוברענגען די מנורה.

צו קליין איז די דאָזיקע איינע דערפֿילונג געווען לגבי דעם גערוואל-טיקן פֿאַרנעם פֿון זייערע האָפֿנונגען. וואָרום צי וועט דען נישט די מנורה ווידער זיין פֿאַרשלאָסן אין א פֿרעמדן טעמפּל, און זיי אליין — צי מוזן זיי דען נישט ווייטער ארומבלאָנדזשען און זיך פּלאָגן אין גלות צווישן פֿרעמדע? ניין, נישט וועגן דער מנורה איז שוין דאָ געגאנגען, נאָר וועגן זייער אייגענעם גורל. ווי געשלאָגענע זענען זיי דאָ געזעסן, געדריקט און פֿול מיט פֿאַרבאָרגענער שנאה. אח, תמיד האָבן די צוזאָגן פֿאַרפֿירט, א נאַר איז, ווער עס גלויבט אין זיי; און די נסים, הערלעך באשריבן אין די ספרים און שיין אין די ווייטע הימלען, לויכטן צו זיי, ווי פֿייערדיקע וואָלקנס, בלויז פֿון יענע פֿאַרגאנגענע צייטן, אָבער קיינמאָל באווייזט זיך נישט קיין שום נס אין זייערע היינטיקע טעג. גאָט האָט פֿאַרגעסן זיין פֿאָלק; די, וואָס ער האָט אמאָל אויסדערוויילט, האָט ער אצינד גלייכגיל-טיק איבערגעלאָזט אליין אין פּיין און אין טרויער. ער שטעלט נישט מער אויף קיין נביאים, וואָס האָבן גערעדט אין זיין נאָמען; דעריבער איז נאַריש צו גלויבן אין אומזיכערע סמנים און אויף נסים און שנויים צו ווארטן. די יידן אין בית הכנסת פֿון פֿערא האָבן מער נישט געזאָגט קיין תפֿלות, זיי האָבן שוין מער נישט געפֿאסט. אָנגעברוגזטע זענען זיי געזעסן אין די ווינקלען און מיט פֿאַרביטערטע ליפּן געקייעט ברויט מיט ציבעלעס. און אצינד, בעת דאָס ווארטן אויפֿן נס האָט שוין מער נישט צוגעגעבן זייערע אויגן קיין העלקייט, זייערע שטערנס קיין באשטראַלונג, זענען זיי ווידער געוואָרן די קליינע, נעבעכדיקע מענטשן, ווי זיי זענען פֿריער געווען, אָרימע, געדריקטע יידן, און זייערע מחשבות, וואָס האָבן נאָך ערשט נישט לאַנג גרויס און מעכטיק זיך געריסן צו גאָט, זענען ווידער געוואָרן ענג און קרעמעריש, ווי זייערע וואָ-כעדיקע טעג. זיי האָבן זיך געברוגזט און געחשבונט און זיך באַ-קלאָגט איינער פֿאַרן אנדערן, צו וואָס זענען זיי געקומען דעם ווייטן, דעם טייערן, דעם בחנמדיקן וועג. עס האָט זיי באנג געטון די גוטע מלבושים, וואָס זיי האָבן אָפּגענוצט איבערן וועג, די פֿאַר-

נאכלעסיקטע געשעפטן און די פארלוירענע צייט. זיי האָבן שוין לכתחילה מורא געהאט אהיימצוקערן זיך צום חוזק פון די אומ־גלויביקע און צו די מחלוקת פון די ווארטנדיקע פרויען. און אזוי ווי דעם מענטשנס הארץ ווערט תמיד אממיינסטן דערצערנט געגן יענעם, וואָס דערהויבט עס צוערשט און דערנאָך שליידערט ער עס, אנטטוישט, צוריק אין אייגענעם גבול אריין, האָבן זיי זייער גאנצן אָנגעזאמלטן כעס אויסגעגאָסן אויף די רוימישע ברידער און אויף בנימינען, וועלכער איז דורך זיי געשיקט געוואָרן: ער איז טאקע א ביטער געפּרוּווטער, וועלכן גאָט האָט נישט ליב און בלויז ביטערניש ברענגט ער. ווען דער זקן איז ענדלעך — עס איז שוין באלד געווען נאכט — אָנגעקומען אין בית הכנסת, האָבן זיי אים בולט ארויסגעוויזן זייער פארביטערטקייט. זיי זענען שוין נישט אויפגעשטאנען מיט דרך ארץ, ווי פריער ביי זיין ארײנקומען, זיי האָבן אים נישט באגריסט; בכיוון האָבן זיי אָפּגעווענדט זייערע בליקן: וואָס איז ער זיי אָנגעגאנגען, דער אלטער ייד פון רוים! ער איז דאָך אזוי אָנמעכטיק, ווי זיי אלע און גאָט האָט זיך אויף אים אזוי ווייניק אומגעקוקט, ווי אויף זייער אייגענעם אומגליק־לעכן גורל.

בנימין האָט גלייך דערשפּירט די שווערע שטילקייט און דעם אָנגעלאָדענעם כעס. ער האָט מיט ווייטיק געזעען, ווי די קרומע בליקן פון הינטער די אָנגעכמורעטע שטערנס מיידן אים אויס און זייער אנטטוישונג האָט אים דערשיטערט, ווי דאָס וואָלט געווען זיין שולד. האָט ער דעם ראש הקהל געבעטן, אַלע צונויפצורופן, ער האָט זיי נאָך עפּעס צו זאָגן און דער ראש הקהל האָט געטון לויט זיין באגער. אָנגעברוגזט און פארדראָסיק האָבן זיי קייענדיק אויפגעהויבן די קעפּ: וואָס קען ער זיי נאָך זאָגן, דער פרעמדער, דער פאלשער צוזאָגער? און דאָך, א רחמנות איז זיי באפאלן, בעת זיי האָבן א קוק געטון אויף דעם גרייזגרויען זקן, וואָס האָט אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, מיט מי זיך אויפגעהויבן פון אָרט;

נישט אינגאנצן אויסגעגלייכט, נאָר ווי אן איינגעבוקטער, א גע־בויגענער איז ער געשטאנען, דער עלטסטער פון זיי אלע, פאר זייער שטילשווייגעניש. שווער איז אים אָנגעקומען דאָס וואָרט.

„איך בין נאָכאמאָל געקומען, ברידער, כדי פון אייך אָפשייד צו נעמען. און אויך, כדי מיך צו בוקן פאר אייך בין איך געקומען, וואָרום געגן מיין ווילן האָב איך אייערע הערצער שווער געמאכט. נישט גערן, איר ווייסט עס, בין איך געגאנגען צום קיסר, אָבער ווי האָב איך געקאָנט אייך אָפזאָגן, אז איר אליין האָט פון מיר גע־פאָדערט. נאָך א קינד זייענדיק, האָבן מיך די אלטע אזוי מיטגע־נומען אויף זייער וועג, פון שלאָף האָבן זיי מיך אויפגעריסן, און מען האָט תמיד געזאָגט, עס איז דער זין פון מיין לעבן די מנורה אויסצולייזן. גלויבט מיר, ברידער, עס איז שרעקלעך צו זיין איי־נער, וועלכן גאָט רופט תמיד און דערהערט אים דאָך קיינמאָל נישט, וועלכן ער ציט צו מיט צייכנס און דערפילט זיי דערנאָך קיינמאָל נישט. בעסער שוין, אזא איינער זאָל אין שאָטן בלייבן און קיינער זאָל זיך נישט אומקוקן און זיך נישט צוהערן צו אים. בעט איך אייך: זייט מיר מוחל און פארגעסט מיך און פרעגט זיך נישט מער נאָך אויף מיר! רופט מער נישט אָן דעם נאָמען פון דעם, וואָס איז נישט ראוי געווען און ווארט מיט בטחון, ביז עס וועט ענדלעך אויפשטיין דער אמתער, וואָס וועט דאָס פאָלק און די מנורה אויסלייזן“.

דריי מאָל האָט זיך דער אלטער מאן געבוקט פאר דער עדה, ווי א שולדיקער, וואָס איז מודה זיין שולד. דריי מאָל האָט ער זיך מיט דער לינקער קראפטלאָזער האנט — די אנדערע, די צעבראָ־כענע איז אראָפגעהאנגען שלאָף און ליידיק — געשלאָגן אין ברוסט, דערנאָך האָט ער זיך האסטיק א קער געטון און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. קיינער האָט זיך נישט גערירט, קיינער האָט אים נישט געענטפערט און אין זייערע הערצער האָט זיך אויסגעמישט בימערניש מיט בושה. בלויז יהויקים, געדענקענדיק זיין חוב, דעם

אלטן צו העלפן, האָט אים נאָכגעאיילט, ביז צו דער שוועל. אָבער בנימין האָט אנטשידן אים אָפּגעהאלטן.

„גיי צוריק קיין רוים, און אויב מען וועט דיך פרעגן אויף מיר, זאָלסטו זאָגן: בנימין מר נפש איז מער נישטאָ, און ער איז נישט דער רעכטער געווען. זאָל מען מיין נאָמען פארגעסן און נישט זאָגן נאָך מיר קיין קדיש. איך וויל טויט בלייבן נאָך טיפער פון מיין טויט און פארלוירן זיין פון די מענטשנס גדעכעניש. דו אָבער גיי בשלום און זאָרג דיך נישט מער וועגן מיר!"

יהויקים איז געהאָרכזאם געבליבן שטיין ביי דער שוועל. ער האָט באאומרואיקט אים נאָכגעקוקט און זיך געוווּנדערט, וואָס דער אלטער, מיט מי אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, שארט זיך איבער דער פרעמדער ענגער גאס צו דער ריכטונג פון וועג, וואָס פירט ארויף צו די בערגלעך. אָבער ער האָט זיך נישט דערוועגט אים נאָכצוגיין, איז ער דעריבער געבליבן שטיין און בלויז נאָכגעקוקט, ביז די איינגעבויגענע געשטאלט האָט זיך אינגאנצן פארלוירן אין שאָטן.

* *
*

אין יענער נאכט האָט בנימין, וואָס איז תמיד געווען שטיל און געדולדיק, צום ערשטן מאָל אין זיין אכט און אכציק יאָריקן לעבן תרעומות געהאט צו גאָט. מיט א צעקלעמט הארץ האָט ער געבלאָנדזשעט איבער די ענגע, קרומע געסלעך פון פערא, אליין נישט וויסנדיק וווהין; נאָר אנטלויפן האָט ער געוואָלט. ווייל עס האָט אים געברענט די בושה, וואָס צוליב אים האָט דאָס פאָלק זיך ארייננגעלאָזט אין אזעלכע איבערגעטריבענע האָפנונגען. ערגעץ אין א פארוואָרפן ווינקל האָט ער געוואָלט פארקריכן, ווו עס קען אים קיינער נישט און ער וועט דאָרט קענען שטארבן, ווי אן אומגייענדיקע חיה. „עס איז נישט מיין שולד געווען", האָט ער כסדר

געמורמלט צו זיך, „פארוואָס ווארפן זיי אצינד אלץ ארויף אויף מיר? פארוואָס האָבן זיי געפּאָדערט פון מיר, פארוואָס האָבן זיי מיך געשטעלט פאר א נסיון?" אָבער דאָס אייגענע רעכטפארטיקן זיך האָט אים נישט בארויקט, עס האָט אים אלץ ווייטער און ווייטער געטריבן די שרעק, אז עמעצער קאָן אים נאָך נאָכגיין. די פיס זענען אים שוין לאנג מיד געווען און די שוואכע קניען האָבן אים געציטערט, א שווייס איז אים ארויסגעטרעטן אויפן צע־קנייטשטן שטערן און זאלציק־ביטער אראָפּגערונען איבער מויל און באָרד. דאָס צעקלעמטע הארץ האָט שטארק געקלאפּט אין דער צעווייטיקטער ברוסט. אָבער ווי פון עמעצן געיאָגט, האָט דער אלטער מאן, אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, אלץ העכער און העכער געקלעטערט איבער דעם משופּעדיקן וועג. וואָס האָט דורכן גע־פלאָנטער פון די הייזער געפירט בארג ארויף אין דער פרייער לופט ארויס: נאָר נישט זעען מער קיין מענטשן און פון קיינעם נישט געזעען ווערן! נאָר ווייט זיין פון הויז און היים, אויף שטענ־דיק פארלוירן, פארגעסן; נאָר אויסגעלייזט זיין ענדלעך פון דעם אייביקן דמיון וועגן דערלייזונג!

אזוי איז דער זיך וואקלענדיקער זקן — ווי א שכורער האָט ער זיך געשארט פאָראויס — ענדלעך ארויפגעקומען אויף דעם בארגיקן שטח איבער דער שטאָט און דאָרט, אין דער פרייער לופט, נעבן א שאָטנדיקער פּיניע, וואָס איז געשטאנען (ער האָט דאָס נישט געוווּסט) איבער א קבר, האָט ער מיט א פארחלשט הארץ זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעאָטעמט. הארבסטיק קלאָר האָט נעגלאנצט די דרומדיקע נאכט. בלאנקענדיק איז געלעגן דער ים, ווי באדעקט מיט זילבערנע שיפּן, ענלעך צו א ריזיקן פיש, און ווי א שלאנג געקרומט האָט אויסגעזעען דער נאָענטער אויסבויג פונם נאָלדענעם האָרן. אויף דער אנדערער זייט בוכטע איז געשלאָפן ביזאנץ אונטערן ווייסן לבנה־שיין מיט גלאנציקע קופּאָלן און טורעמס; זעלטן האָט זיך נאָך געזעען א ליכט אין האפן, וואָרום

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און מען האָט נישט געהערט מער קיין שאָרך פון מענטשלעכער טעטיקייט; אויבן אָבער איז דער ווינט מיט א שטילן, גלעטנדיקן קלאַנג דורכגעלאָפן די וויינבערג און יעדעס מאָל האָבן זיך פון די אָפּגעליידיקטע וויינ־שטאָקן אָפּגעריסן פאַרגעלטע בלעטער און פאַמעלעך און קלאַנגלאָז געפלאַטערט צו דער ערד. ערגעץ־ווו נאָענט האָבן זיך דאָ געמוזט געפינען קעלטערס און שפּייכלערס, וואָרום אַז דער ווינט פלעגט זיך אָפּשטעלן, האָט זיך געפילט א זאַטער און זויערלעכער ריח און מיט ציטערדיקע נאָזלעכער האָט דער אַלטער, פאַרמאַטערטער מאַן איינגעאָטעמט אין זיך די פייכטע, פוילע אויסדעמפונג: אַח, אליין ערד ווערן, אַח, אליין אַזוי אַראָפּזינקען, ווי די דאָזיקע פלאַ־טערנדיקע בלעטער, פאַרגיין, אויסגיין! נאָר נישט צוריקקערן זיך מער, נאָר נישט נאָכאַמאָל זיך פלאָגן און קווענקען, פריי זיין ענדלעך פון דער אייגענער לאַסט! און בעת די שטילקייט האָט אים אַצינד אַזוי מעכטיק אַרומגענומען און ער האָט געפילט זיין אליינזיין, איז אים באַפאַלן א שטאַרקער פאַרלאַנג נאָך אייביקער שטילקייט און אין דעם שטילשווייגן אַריין האָט ער אויפגעהויבן זיין קול צו גאָט, האַלב אין תרעומות, האַלב אין געבעט: „האַר, איך וויל שטאַרבן! צו וואָס לעב איך נאָך, אומנוציק פאַר מיר אליין און אַלעמען אויף חוזק און צו לאַסט! וואָס דערהאַלטסטו מיך נאָך, דו ווייסט דאָך, איך וויל נישט מער! זין האָב איך געבראַכט אויף דער וועלט, זיבן, קרעפטיק און לעבנסדורשטיק יעדער איינער פון זיי, און דאָך האָב איך, דער פאָטער, ערד געשאָטן אויף זייערע זיבן קברים. אַן אייניקל האָסטו מיר געהאַט געגעבן, יונג און לויטער, נישט געקענט האָט ער נאָך דעם רייץ פון פרויען און די זיסקייט פון לעבן, אָבער די געצנדינער האָבן אים אַכזריותדיק אומגעבראַכט; ער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן, ניין, נישט שטאַרבן, פיר טעג האָט ער א פאַרווונדעטער זיך געראַנגלט מיטן טויט און דאָך האָסטו אים צוגענומען, אים, וואָס האָט געוואָלט לעבן, און מיך, וואָס ציטערט פאַר חשק און באַגער צו שטאַרבן,

מיך שטויסטו אָפּ. האר, וואָס ווילסטו פון מיר! אלס קינד נאָך האָט מען מיך אוועקגעריסן און איך בין געהאָרכזאם נאָכגעגאנגען, אָבער איך האָב געמוזט אנטטוישן די, וואָס האָבן אין מיר געגלויבט, און די צייכנס, זיי האָבן פארפירט. האר, זאָל שוין גענוג זיין! איך האָב דעם בטחון פארלוירן, טאָ ווארף מיך אוועק! אכט און אכציק יאָר האָב איך געלעבט, אכט און אכציק יאָר בחנם געווארט. אז מיין אריכת ימים זאָל עפּעם א זין האָבן און אז עפּעס א טאט זאָל ארויסוואקסן פון מיין טריישאפט צו דיר, אָבער אצינד בין איך מיד. האר, איך וויל נישט, איך קאָן נישט מער! האר, זאָל דאָס גענוג זיין! האר, לאָז מיך שטארבן!"

דער אלטער מאן האָט תפילה געטון אויפן הויכן קול, מיט בענקשאפט האָט ער דערהויבן דעם בליק ארויף צום הימל, וואָס האָט ליידנשאפטלעך געשימערט מיט שטערן און געפונקלט פון זייער צעשאָטענעם ליכט. ער איז געשטאנען און געווארט. דער אלטער מאן: וועט אים גאָט ענטפערן, ענדלעך צום ערשטן מאָל! ער האָט געדולדיק געווארט און ביסלעכווייז האָט זיך אים פאַמעלעך אראָפּגעלאָזט די האנט, וואָס ער האָט אומבאוווּסט געהאט אויפגעהויבן, און א מידקייט איז אים באפאלן, אן אומגעהויערע מידקייט. ער האָט מיטאמאָל דערפילט א צעמישטקייט אין די שלייפן און גלייכצייטיק א ציען און ציטערן אין די פיס און קניען; אָן זיין ווילן און וויסן האָט ער זיך אראָפּגעגליטשט אויף דער ערד אין א זיסער פארחלשטקייט, שווער און גלייכצייטיק לייכט, גלייך ווי פון זיין לייב וואָלט ארוים דאָס בלוט. אָבער די דאָזיקע שוואכקייט האָט אים פארשאפט א מחיהדיק געפיל. „דאָס איז דער טויט". האָט ער מיט דאנקבארקייט א טראכט געטון, „גאָט האָט מיך דערהערט". און ער האָט פרום און שטיל אנידערגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער ערד, פון וועלכער עס האָבן זיך געטראָגן הארבסטיקע ריחות. „איך וואָלט באדארפט די תכריכים אָנטון", איז אים נאָך מטושטשדיק דורכגעלאָפן א מחשבה, אָבער באלד איז ער שוין

געוועזן צו מיד. אומבאוווסט האָט ער בלויז ענגער איינגעצויגן דעם מאנטל ארום זיך. דערנאָך האָט ער פארמאכט די אויגן און מיט בטחון געוואַרט אויף דעם אויסגעבעטענעם טויט.

אָבער דער טויט איז נישט געקומען צו בנימין מר נפש אין יענער נאכט. בלויז א שלאָף האָט צערטלעך און פעסט ארומגענו־מען דעם אויסגעמאטערטן גוף און אָנגעפולט זיין דמיון מיט ביל־דער און חלומות.

* *
*

און דאָס איז געווען דער חלום, וואָס האָט זיך בנימינען גע־חלומט אין יענער נאכט פון זיין לעצטן נסיון. ווידעראמאָל גייט ער און זוכט דעם וועג און אנטלויפט, דורך די ענגע, שטיקנדיקע און פינסטערע געסלעך פון פערא, נאָר די פינסטערניש איז אצינד נאָך געדיכטער און פינסטערער, ווי זי איז פריער געווען און שווארץ און פארוואָלקנט איז דער הימל אינדערהויך איבער די דעכער. און ביז אין חלום אריין דערשרעקט ער זיך ווידער, דאָס הארץ הויבט אים אָן שטארק קלאפּן אין דער ברוסט, בעת ער דערהערט הינטער זיך טריט, עס באפאלט אים, ווי פריער א מורא, אז עמעצער יאָגט אים נאָך און ער אנטלויפט ווייטער. אָבער די טריט הערן נישט אויף, פאר אים, הינטער אים און אצינד שוין אויך ארום איבער די ליידיקע, שווארצע פעלדער. ער קאָן נישט זעען יענע, וואָס גייען רעכטס, לינקס און פאר און הינטער אים, אָבער נאָר א סך מוזן עס זיין, א גרויסע וואנדערנדיקע מחנה; ער דערקענט די שווערע טריט פון מענער, די לייכטערע פון פרויען און די שוועבנדיקע פון קינדערישע פיסלעך. א גאנץ פאָלק מוז עס זיין, וואָס ציט דורך דער לבנהלאָזער מעטאלענער נאכט, און א פארטרויערט פאָלק, א נידערשלאָגן פאָלק, וואָרום פון זייערע אומ־זעבארע רייען הערן זיך כסדר פארשטיקטע זיפצן און מורמלען און

רופן, און ער פילט, אז זיי גייען שוין אזוי אודאי לאנגע, לאנגע צייטן, מיד שוין פון דער געצווונגענער וואנדערשאפט און פון נישט וויסן, וווהין. „ווער איז דאָס דאַזיקע אומגליקלעכע פאָלק?" הערט ער זיך אליין פרעגן, „פארוואָס איז פאר אים, דוקא פאר אים דער הימל פארשטעלט? פארוואָס האָט דאָס דאַזיקע פאָלק, נאָר דאָס דאַזיקע פאָלק קיין מנוחה נישט? אָבער ער האָט אין חלום גאָרנישט געוווּסט, ווער עס איז דאָס דאַזיקע וואנדערנדיקע פאָלק און דאָך האָט אים ארומגענומען א ברידערלעך רחמנות; דאָס דאַזיקע שטילע וויינען און זיפצן אין דעם אומזעבארן שטח איז פאר אים געווען שרעקלעכער, ווי א קלאָגן אויפן קול. און ער האָט אומבאוווּסט געמורמלט: מען קאָן דאָך נישט אייביק אזוי גיין, תמיד אין דער פינסטער און נישט וויסן דעם וועג. קיין שום פאָלק קאָן נישט אזוי לעבן אָן א היימאָרט און אָן א ציל, וואנדערנדיק און היימלאָז און אייביק ארומגערינגלט פון סכנות. מען מוז פאר זיי א ליכט אָנצינדן, א וועג זיי ווייזן, אנישט וועט עס פארצווייפלען און אומקומען, דאָס דאַזיקע געיאָגטע און געפּלאגטע פאָלק. עס מוז עס איינער פירן און אהיימפירן, א וועג פאר זיי באלויכטן. מען מוז א ליכט געפינען, זיי דארפן א ליכט".

די אויגן האָבן אים געברענט פאר ווייטיק, אזא רחמנות האָט אים ארומגענומען אויפן דאָזיקן אומגליקלעכן פאָלק, וואָס איז שטיל קלאָגנדיק און פארצווייפלט געגאנגען דורך דער שטילער לויערנדיקער נאכט. אָבער ווען ער האָט א פארצווייפלטער א קוק געטון אין דער ווייטקייט אריין, האָט זיך אים אויסגעדאכט, ווי עס וואָלט אויפן לעצטן ראנד, וואָס זיין בליק האָט דערגרייכט, אויפגעשיינט א קליין פלעמל, א קליינער, גאָר קליינער סימן פון א ליכט, א פונק בלויז אָדער צוויי, פלאטערנדיק ווי א בלאָנדזשענדיק פייערל אין דער פינסטער. „מען מוז עס נאָכגיין", האָט ער געמורמלט, „ווען אפילו עס איז א בלאָנדזשענדיק פייערל. אפשר וועט מען קאָנען פון דאָזיקן פונק צעבלאָזן א גרויס פייער. מען מוז

עס אהערברענגען, דאָס ליכט". און אין חלום האָט בנימין פאַר־
געסן, אז זיינע גלידער זענען אלט און פארוועלקט; ווי א יינגל,
פלינק און לייכט מיט שפרינגענדיקע טריט, איז ער געלאָפן ברענ־
גען דאָס ליכט. ער האָט זיך ווילד דורכגעשטופּט צווישן דער ברו־
מענדיקער, שאָטנהאפטיקער מאסע, וואָס האָט זיך פאַר אים
חשדיש־בייז צוריקגעצויגן. „זעט נאָר דאָס ליכט דאָרט", האָט ער
טרייסטנדיק אויסגערופן. אָבער זיי זענען ווייטער געגאַנגען מיט
אראָפּגעלאָזטע קעפּ און זיפצנדיק, זיי האָבן עס נישט געזען, דאָס
ווייטע ליכט, אפשר זענען שוין זייערע אויגן בלינד געוואָרן פון
טרערן און זייערע הערצער אָפּגעטעמפּט פון דער גרויסער טאָגטעג־
לעכער נויט. ער אָבער האָט וואָס אמאָל דייטלעכער געזען דאָס
ליכט; זיבן קליינע פונקען זענען דאָס געווען, וואָס האָבן צוזאמען
געשוועבט אין דער לופט. און בעת ער איז אזוי געלאָפן אלץ נענ־
טער און נענטער (דאָס הארץ האָט אים שוין געקלאפּט), האָט ער
דערקענט, אז א לייכטער מוז עס זיין, א זיבנערנדיקער, פון
וועלכן די דאָזיקע קליינע פלעמלעך ציען זייער יניקה. אָבער אויך
דער דאָזיקער לייכטער — ער האָט אים נאָך אלץ נישט געזען —
איז נישט איינגעשטאנען רואיק, אויך ער וואנדערט, ווי יענע אין
דער פינסטערניש, געהיימניספול געיאָגט און געטריבן דורכן בייזן
ווינט, און דעריבער לויכטן נישט די שוועבנדיקע פלעמלעך רואיק
און גלייך, דעריבער שיינען זיי נישט, נאָר פלאטערן אומזיכער און
קליין. „מען מוז אים נעמען, דעם לייכטער, און אים צו א רואָרט
ברענגען", האָט ער געטראכט אין חלום, בעת זיין חלום־בילד איז
זיך געלאָפן אלץ ווייטער און ווייטער. „וואָרום ווי ליכטיק וואָלט
ער געשטראלט, ווען ער זאָל האָבן מנוחה! ווי וואָלט עס געבליט און
געאַרבעט, דאָס דאָזיקע פאָלק, דאָס געפּרוּווטע, ווען עס זאָל האָבן
א היימאָרט און רו!" ער איז בלינד נאָכגעלאָפן, ער איז ווי גע־
פלויגן, און וואָס אמאָל נענטער און נענטער צוגעקומען צום לייכ־
טער. אָט זעט ער שוין דעם גאָלדענעם שטאם און די אויפשטייגנ־
דיקע אָפּצווייגן און אין די זיבן קנעפּ פון גאָלד די זיבן פלעמלעך,

יעדעם פלעמל איינגעבויגן דורכן ווינט, וואָס טראָגט דעם לייכטער ווילד אַלץ ווייטער און ווייטער איבער לענדער און בערג און ימים. „בלייב! בלייב!" איז ער אים נאָכגעלאָפן קרעכצנדיק. „דאָס פאָלק קומט אום! עס דאַרף די טרייסט פון ליכט. עס קאָן נישט אַזוי אייביק אַרומוואַנדערן אין חושך". אָבער דער לייכטער האָט אַוועק־געשוועבט אַלץ ווייטער און ווייטער, זיינע פלאַטערנדיקע פלעמ־לעך האָבן כיטרע און בייז געבלינצלט. דאָן האָט דעם נאָכיאָגנדיקן אַרומגעכאַפּט אַ כעס; ער האָט צונויפגעזאַמלט די לעצטע כחות, דאָס האַרץ האָט אין אים אַ זעץ געטון, ווי אַ האַמער, מיט אַ שפּרונג טוט ער זיך אַ לאָז נאָך דעם אַנטלויפנדיקן, כדי אים אָנ־צוכאַפּן. אָט פילט ער שוין אין דער פויסט דאָס קילע מעטאַל, אָט נעמט ער אָן, אָט האַלט ער שוין דעם שווערן שטאַם — מיטאַמאָל אָבער האָט אים אַ דונער אַ שליידער געטון אויף דער ערד, מיט אַ ווייטיקלעכן טראַסק ווערט אים צעשמעטערט די האַנט. און צו־זאַמען מיט זיין אייגן געשריי, דערהערט ער דעם פאָלקס טויזנט־פאַכיקע געיאָמער: „פאַרלוירן! אויף אייביק פאַרלוירן!"

אָבער אָט ווערט איינגעשטילט דער שטורעם, גרויס און אויסגעגלייכט שווימט־אויף מיטאַמאָל דער לייכטער און בלייבט שטיין אינמיטן דעם וואַנדערנדיקן פלי. אינדערלופטן בלייבט ער שטיין, אַזוי רואיק ווי אויף אַן אייזערנעם פונדאַמענט. זיינע זיבן פלעמלעך, ביז ערשט נישט לאַנג איינגעבויגן דורכן פלאַטערנדיקן ווינט, דערהויבן זיך אַצינד באַרואיקטע, אויסגעגלייכטע און הויבן אָן צו לויכטן, צו שטראַלן. זיי לויכטן וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער און ביסלעכווייז באַלויכט זייער גאָלדענער שיין די טי־פעניש. און בעת דער אַנידערגעשליידערטער האָט אַ צעטומלטער אויפגעהויבן דעם בליק צו די וואַנדערנדיקע אין דער פינסטער, איז נישט געווען מער קיין נאַכט אויף דער וועגלאָזער ערד און קיין וואַנדערנדיק פאָלק; פרוכטבאַר און פרידלעך איז געלעגן אַ דרומדיק לאַנד, צוגעטוליעט צום ים און באַשאָטנט פון בערג, אַ

צערטלעך ווינטל האָט געוויגט די פאַלמען און צעדערבוימער און עס האָבן געבליט די וויינשטאָקן און גאָלדיק זיך געכוואַליעט די תבואה־זאַנגען; עס האָבן זיך געפּיטערט שאָף און מיט פלינקע פיס איז געלאָפן די סאַרנע. די מענטשן האָבן פרידלעך געטון זייער אַרבעט אויף היימישער ערד, זיי האָבן געשעפּט וואַסער פון די ברונעמס און געאַקערט, זיי האָבן געמאָלקן און צונויפגעשאַרט גראָז און געזייעט און אַרומגערינגלט זייער הויז מיט גרינע פלאַנצן און בונטע געוויקסן. קינדער זענען אַרומגעגאַנגען און געזונגען, פון די טשערעדעס האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון פּאַסטוכער־פייפלעך און ביינאַכט זענען איבער די שלאָפנדיקע הייזער גע־שטאַנען די שטערן פון פרידן. „וואָס פאַר א לאַנד איז דאָס?" האָט דער חלומנדיקער זיך געפרעגט אין זיין חלום. „און איז דאָס דאָזיקע פאָלק דאָס זעלבע, וואָס האָט פריער געבלאָנדזשעט אין דער פינסטערניש". אָבער מיטאַמאָל האָט דער לייכטער זיך ווידער אויפגעהויבן העכער: זיין שיין האָט אַצינד ווי א זון באַלויכטן דעם ראַנד פון הימל איבער דעם פרידלעכן לאַנד. בערג האָבן באַ־שטראַלטע אַנטהילט זייערע קעפּ און אויף איינעם פון די בערג־לעך האָט ווייס געלויכטן מיט מעכטיקע טורעמס א שטאָט און איבער די טורעמס האָט מיט זיין שווערער משא זיך דערהויבן א הויז פון געהאַקטן שטיין. ביים שלאָפנדיקן האָט דאָס הארץ גע־ציטערט. „דאָס מוז זיין ירושלים און דאָס בית המקדש", האָט ער האַסטיק געאָטעמט. אָבער ווידער האָט דער לייכטער אַוועקגע־שוועבט ווייטער, צו דער שטאָט און דעם בית המקדש; ער איז אַריין דורך די מויערן, ווי דורך א לויטער וואַסער, און בעת ער האָט שוין אַרומגעשוועבט אינעווייניק אין היכל, האָט דער גאַנ־צער בנין פון בית המקדש זיך צעלויכטן, ווי אַן אַלאַבאַסטערנע שאָל. „ער איז אַהיימגעקומען", האָט דער שלאָפנדיקער געציטערט אין שלאָף. „עמעצער האָט געטון דאָס, וואָס איך האָב תמיד באַ־גערט און האָט דעם וואַנדערנדיקן לייכטער אויסגעלייזט. איך מוז עס מיט מיינע אייגענע אויגן זעען, איך, דער עדות; איין מאָל,

נאָך איין מאָל וויל איך זעען דעם לייכטער רוען אין גאָטס הייליקן הויז!" און באלד האָט אים זיין אייגענער באגער, ווי א וואָלקן א טראָג געטון אהין, די טויערן האָבן זיך פונאנדערגעפראלט און ער איז אריין אין קדשי קדשים, כדי צו זעען דעם לייכטער. אָבער אומגעוועגלעך שטארק איז געווען דאָס ליכט. ווי ווייס פייער האָבן געגליט די זיבן פלאמען פון דער מנורה און זייער ליכט האָט אים אזוי שמערצלעך געברענט אין די אויגן, אז ער האָט ארויסגעלאָזט א געשריי אין חלום. ער האָט אויפגעוואכט.

* *
*

בנימין האָט דערוואכט פון זיין חלום. אָבער יענץ פייער האָט אים נאָך אלץ ווייטיקלעך געברענט די אויגן. ער האָט האס־טיק געמוזט פארמאכן די אויגנהייטלעך פאר דעם הייסן געדרענג פון ליכט און אפילו שוין הינטער די פארמאכטע אויגן האָט דאָס בלוט נאָך אלץ געברויזט פורפורן און פינקלענדיק. ערשט אויפ־הויבנדיק די האנט, די אויגן צו פארשטעלן, האָט ער פארשטאנען, אז דאָס האָט די זון אים אזוי געברענט אין פנים, און אז ער איז שלאָפנדיק געלעגן אויף דעם פלאץ, ווו ער האָט געמיינט צו שטארבן, פון סוף נאכט ביז אינדערפרי; אצינד ערשט האָט דאָס שטייגנדיקע ליכט דערגרייכט צו אים דורך די בוימער־צווייגן און אים אויפגעוועקט. א צעטומלטער איז בנימין, קלאמערנדיק זיך אָן בוים־שטאם, מיט מי אויפגעשטאנען פון דער ערד; זיין בליק איז געפאלן אראָפ צו דער טיפעניש: פאר זיינע אויגן איז געלעגן דער ים אין זיין ברייטן לאזור, אזוי ווי ער האָט אים, יינגלווייז נאָך, געזעען צום ערשטן מאָל, און גלאנצנדיק מיט מארמאָר און שטיין ביזאנץ. פארב און גלאנץ פון א דרומדיקן פרימאָרגן האָבן פאר אים באחנט געמאכט די וועלט — ניין, גאָט וויל נישט, ער זאָל שטארבן! דער אלטער מאן האָט זיך פאָרכטיק געבוקט און מיט א געזונקענעם קאָפ אָנגעהויבן דאָס געבעט.

ווען בנימין האָט געהאַט געענדיקט די תפלה צו דעם, וואָס ניט דאָס לעבן און נעמט עס צוריק, לויט זיין ווילן און באשלום, האָט ער דערפילט א לייכטע באַרירונג פון הינטן. דאָס איז זכריה הינטער אים געשטאַנען, וועלכער האָט שוין — בנימין האָט עס גלייך דערפילט — א לאַנגע צייט געהאַט געוואַכט איבער זיין שלאָף. און נאָך איידער דער זקן איז צו זיך געקומען פון דער אי־בערראַשונג — וואָרום ווי אזוי האָט יענער געוווּסט זיין וועג און ווי אזוי האָט ער געפונען זיין רופּלאַץ? — האָט זכריה דערקלערט.

„פון באַגינען אָן זוך איך דיך. און אז מען האָט מיר געזאָגט אין פערא, דו ביסט אוועק באַרג אַרויף אין מיטן דער נאַכט, האָב איך שוין נישט גערוט, ביז איך האָב דיך געפונען. די אַנדערע האָבן זיך שטאַרק געזאָרגט וועגן דיר. איך אָבער האָב מיך נישט געזאָרגט, וואָרום איך ווייס, אז גאָט וויל דיך נאָך האָבן. אָבער איצינד קום אַראָפּ צו מיר אהיים. איך האָב פאַר דיר א שליחות".

„וואָס פאַר א שליחות?" האָט בנימין געוואָלט פרעגן. און „איך וויל שוין נישט קיין שום שליחות", האָט ער עקשנותדיק גע־וואָלט זאָגן. „צו אָפט האָט מיך גאָט געפּרוּווט". אָבער אין אים האָט נאָך געציטערט דאָס הנאהדיקע געפיל פון חלום און דער שמייכלענדיקער בליק פון דעם פריינט האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי א מילדער אָפּשיין פון דעם ליכט, וואָס האָט אזוי הערלעך גע־שטראַמט אין יענעם לאַנד פון חלומות. האָט ער דעריבער נישט אָפּגעזאָגט און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אַראָפּ; מיט א שיפל זענען זיי אריבער דאָס וואַסער און אָנגעקומען צו דעם אַרומגע־מויערטן פערטל פון פּאַלאַץ. שטרענג זענען די וועכטער געשטאַנען ביי די טויערן פון דעם קייסערדלעכן באַצירק, אָבער — בנימין איז ווידער געבליבן דערשטוינט — זכריהן האָבן זיי פריינטלעך דער־לויבט דעם אריינגאַנג. „מיין ווערקשטעל", האָט ער מסביר געווען, „געפינט זיך אין שכנות פון שאַצקאַמער, ווו איך אַרבעט געהיים און געשיצט פון געפאַר פאַרן קיסר. קום אריין און זאָל געבענטשט

זיין דיין קומען! האָב נישט קיין מורא פאר קיינעם: מיר זענען און בלייבן דאָ אליין".

*    *
*

די צוויי מענער האָבן זיך שטיל דורכגעשלייכט דורכן ווערק־שטעל, ווו עס האָבן אין בין השמשותדיקן ליכט געשימערט קונסט־פול געהאמערטע חפצים. אויף א פארבאָרגן אָרט האָט דער גאָלד־שמיד געעפנט א קליין טירל, פון וועלכן עטלעכע טרעפ האָבן אראָפגעפירט צו א זייטיקער דירה, ווו עס האָט זיך געפונען זיין וווינונג און דער פלאץ פון זיין אייגענער ארבעט. די פענסטער זע־נען געווען מיט לאָדנס פארמאכט און פארקראטעוועט, די ווענט האָבן זיך פארלוירן אין פולשטענדיקער פינסטערניש, בלויז אויפן טיש האָט דער ווערקשטעל־לאָמפּ געוואָרפן פון אונטער דעם אבאַ־זשור אפיר א קליינעם גאָלדענעם קרייז פון קארג ליכט.

„זעץ דיך, ליבער", האָט זכריה געזאָגט צו זיין גאסט, „דו ביסט אודאי הונגעריק און מיד".

ער האָט אראָפּגערוימט די ארבעט פונם טיש, געבראכט ברויט און וויין און עטלעכע שיין אויסגעארבעטע זילבערנע טע־לער, אין וועלכע ער האָט ארייננגעלייגט פירות, טייטלען, נים און מאנדלען. דאן האָט ער א ביסל אונטערגעהויבן דעם אבאזשור פון לאָמפּ. דער ליכטקרייז האָט זיך פארברייטערט, פארפלייצט דעם גאנצן טיש און באלויכטן בנימינס אלטע ביינערדיקע הענט, וואָס זענען געלעגן ווי דערשעפּט.

„עס, מיין ליבער", האָט אים זכריה צוגערעדט; ווייך און צו־פרוילעך האָט בנימינען, דעם ביטער געפרוווטן, געקלונגען די דאָ־זיקע פרעמדע שטים; ווי א זיסער ווינט איז זי צו אים געקומען פון א ווייט לאנד. ער האָט גערן גענומען די פרוכטן, פאמעלעך

איבערגעבראָכן דאָס ברויט, מיט שטילע, קליינע שלוקן האָט ער געטרונקען דעם אין ליכט פורפורן צעפינקלטן וויין. עס איז אים ליב געווען, וואָס ער קאָן אזוי שווייגנדיק זיצן און ווארטן און זאמלען די מחשבות. עס איז אים ליב געווען, וואָס באלד נאָכן באַ־לויכטענעם קרייז הויבט זיך אָן די פינסטערניש. עס איז אים ליב געווען דער דאָזיקער פרעמדער מענטש און ווי פון דער קינדהייט נאָך באקאנט. טיילמאָל האָט ער אומדרייסט געפרוווט אָנצוקוקן דעם, ווען ער האָט געשפּירט זיצן קיינער איבער זיך מיט א שטילן אויסדרוק פון צארטער באזאָרגטקייט.

אָבער פונקט ווי זכריה וואָלט דערשפּירט דעם דאָזיקן פאר־לאנג נאָך פארטרוילעכער נאָענטקייט, האָט ער איננאנצן אראָפּ־גענומען דעם אבאזשור פון לאָמפּ. דאָס ליכט, וואָס איז ביזאהער געווען אראָפּגעדריקט אויפן טיש, האָט זיך ליכטיק צעשפרייט אי־בערן גאנצן הלל. צום ערשטן מאָל האָט בנימין פון דער נאָענט אָנגעקוקט דעם ביזאהער בלויז אין פלוג געזעענעם פריינט. דאָס צארטע, קרענקלעכע, מידע פנים, אין וועלכן עס איז, ווי מיט לייב־טע שטיכן געווען אויסגעקריצט אומצייליקע קנייטשן, א פּנים פון פארשוויגענע ליידן און שטילער גדולה. און בעת יענער האָט דאן א הויב געטון די אויגנהייטלעך און אָנגעשטעלט דעם בליק אויף בנימינען, איז אין זיינע אויגן געווען א ווארעמער פייכטער גלאנץ: זכריה האָט צו אים געשמייכלט.

דאָס דאָזיקע שמייכלען האָט דעם אלטן מאן צוגעגעבן מוט:

„ווי אנדערש דו ביסט צו מיר פון אלע אנדערע. זיי זענען אלע בייז אויף מיר, ווייל איך האָב נישט באוויזן קיין נס. און איך האָב דאָך זיי באשווירן, זיי זאָלן אויף קיין נס נישט ווארטן. בלויז דו, וואָס האָסט מיר דעם וועג געעפנט צום הערשער, בלויז דו בייזערסט זיך נישט אויף מיר. אָבער זיי זענען גערעכט, וואָס זיי שפּאָטן פון מיר, צו וואָס האָב איך האָפנונגען דערוועקט, צו

וואָס בין איך געקומען? פאַרוואָס לעב איך נאָך, כדי צוצוזעען, ווי די מנורה פאַלט ווידער אַריין אין פרעמדע הענט?!"

זכריה האָט נאָך אַלץ געשמייכלט צו אים און פונם דאָזיקן ווייכן און שטאַרקן שמייכל איז געקומען טרייסט:

„האָב נישט קיין תרעומות. אפשר איז נאָך די צייט נישט געקומען, אפשר איז אונזער וועג נישט דער ריכטיקער. וואָרום וואָס קומט אונז אַרוים פון דער מנורה, כל זמן דאָס בית המקדש איז חרוב און דאָס פאָלק וואַנדערט אַרום אין גלות? אפשר וויל גאָט, אַז דער מנורהס גורל זאָל נאָך בלייבן בסוד און נישט באַקאַנט ווערן פאַרן פאָלק".

בנימין האָט געפילט אַ טרייסט. די ווערטער האָבן אים דערוואַרעמט דאָס האַרץ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גערעדט, ווי צו זיך אַליין.

„פאַרגיב מיר פאַר מיין שוואַכקייט. אָבער ענג איז מיר געוואָרן דאָס לעבן און צו נאָענט שוין צום טויט. אַכט און אַכציק יאָר האָב איך אויסגעהאַלטן; וויל דאָס האַרץ מער נישט וואַרטן. זינט איך האָב אַלס קינד געוואָלט מציל זיין די מנורה, האָב איך נאָר פאַר איין זאַך געלעבט: איר צוריקקער און דערלייזונג. און יאָר איין יאָר אויס האָב איך טריי און געדולדיק געוואַרט. אַצינד בין איך שוין געוואָרן אַ זקן; ווי קאָן איך נאָך לענגער האָפן, לענגער וואַרטן?"

„דו דאַרפסט שוין נישט מער וואַרטן. באַלד וועט אַלץ זיין דערפילט!"

בנימין האָט פאַרבליפט אַ קוק געטון אויף אים. דאָס האַרץ האָט האַסטיק אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט האָפנונג. זכריה האָט שטאַרקער צו אים געשמייכלט.

„שפּירסטו נישט, אַז איך קום דיר אַ שליחות ברענגען?"

„וואָס פאַר א שליחות?“

„די שליחות, אויף וועלכער דו וואַרטסט“.

בנימין האָט אויפגעציטערט. זיינע הענט, וואָס זענען ביז איצט מידע געלעגן אויפן טיש, האָבן מיטאמאָל זיך אָנגעהויבן צו פרייסלען, ווי ביימער־בלעטער אין ווינט.

„דו מיינסט... דו מיינסט, איך וואָלט נאָך אמאָל געקאָנט דעם קיסר...“

„ניין, נישט דאָס. קוים האָט ער איינמאָל עפּעס געזאָגט, ציט ער עס מער נישט צוריק. ער גיט די מנורה נישט אָפּ“.

„צו וואָסזשע טויג מיר דאָס ווייטערדיקע בלייבן, מיין לעבן? וואָס זאָל איך דאָ וואַרטן און קלאָגן, אנדערע צו לאַסט פאַלן, בעת דער הייליקער צייכן גייט פונדאַנען אוועק און וועט פאַרשווינדן אויף אייביק?“

אָבער זכריה האָט נאָך אַלץ געשמייכלט און וואָס אמאָל שטאַרקער האָט דאָס שמייכלען אויסגעלייטערט ביי אים אויגן און מויל.

„נאָך איז די מנורה נישט אוועקגעגאַנגען פון אונז“.

„פונוואַנען קאָנסטו דאָס וויסן? ווי קאָנסטו דאָס זאָגן?“

„איך ווייס עס, גלויב מיר!“

„דו האָסט זי געזען?“

„איך האָב זי געזען. נאָך מיט צוויי שעה צוריק איז זי געווען פאַרשלאָסן אין שאַצקאַמער“.

„אָבער אצינד? זיי האָבן זי אוועקגעפירט“.

„נאָך נישט! נאָך נישט!“

„טאַ וווּזשע איז זי אצינד?"

זכריה האָט נישט באלד געענטפערט. צוויי מאָל שוין האָבן אים די אויפגעעפנטע ליפּן א ציטער געטון, אָבער דאָס וואָרט איז נישט ארוים. ענדלעך האָט ער זיך איבערן טיש אָנגעבויגן צו אים נענטער און ארויסגעהויכט, ווי מען פליסטערט ארויס א סוד.

„דאָ! ביי מיר! ביי אונז ביידע!"

בנימין האָט אויפגעציטערט, ווי עמעצער וואָלט אים א קלאפּ געטון אין הארץ אריין.

„ביי דיר?"

„ביי מיר דאָ אין הויז".

„ביי דיר אין הויז?"

„אין דאָזיקן הויז. אין דאָזיקן חדר. דעריבער האָב איך דיך געזוכט".

בנימין האָט געציטערט. אין זכריהס רואיקייט האָט גע־שטעקט עפּעס אזעלכעס, וואָס האָט אים צעטומלט. נישט ווייסנדיק, וואָס ער טוט, האָבן זיך די הענט ביי אים צונויפגעלייגט און ער האָט קוים צו הערן ארויסגעפּליסטערט:

„ביי דיר? ווי קאָן דאָס זיין?"

„ווי משונהדיק דאָס זאָל זיך דיר נישט אויסווייזן, איז דערביי נישטאָ קיין שום חידוש. זינט דרייסיק יאָר געפין איך מיך דאָ אלס גאָלדשמיד אין פּאלאץ און קיין שטיק ווערט נישט באהאלטן אין דער שאצקאמער, אז עס זאָל נישט האָבן פריער געווען אין מיין ווערקשטעל, כדי איך זאָל עס ווענן און שאצן. אויך דאָסמאָל, האָב איך געוווּסט, וועט אליץ, וואָס בעליסאר האָט צוגענומען ביי די וואנדאלן, מיר צוגעשטעלט ווערן, אז איך זאָל עס אָפּשאצן

לויט ווערט און געוויכט און אלם ערשטע זאַך האָב איך געבעטן די מנורה. נעכטן האָבן זי דעם שאַצמייסטערס קנעכט געבראַכט: זיבן טעג איז מיר דערלויבט זי צו האַלטן".

„און דערנאָך?"

„דערנאָך וועט א שיף זי אוועקפירן".

בנימין איז ווידער בלאַס געוואָרן. צו וואָסזשע האָט מען אים באַדאַרפט רופן? אז ער זאָל נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיין אן עדות, ווי די מנורה, די הייליקע, איז געווען נאָענט און איז ווידער און ווידער געראַובט געוואָרן? אָבער זכריה האָט באַדייטונגספול צו אים געשמייכלט:

„אָבער אויך דאָס איז מיר דערלויבט, אז פון אַלע טייערע חפצים אין דעם קייסערלעכן אוצר זאָל איך נאָכמאַכן קאָפּיעס. אָפּטמאָל, אז עס געפינט זיך אין שאַצקאַמער נאָר איינס פון א ווערק, פאַרלאַנגען זיי פון מיר, איך זאָל דערצו שאַפן א צווייטס פון דער זעלבער פאָרעם. וואָרום זיי האָבן צוטרוי צו מיין האַנט. לויט קאָנסטאַנטינס קרוין האָב איך אויסגעאַרבעט יוסטיניאַנס, און טעאָדאָראַס דיאַדעם, לויט יענעם. וואָס עס האָט אַמאָל געטראָגן קלעאָפּאַטרא. האָב איך דעריבער געבעטן די דערלויבעניש נאָכצומאַכן א קאָפּיע פון דער מנורה, איידער זי ווערט אוועקגעשיקט אין דער נייער קירכע אויף יענער זייט ים און היינט נאָך הויב איך אָן די אַרבעט. די שמעלצטעפּ זענען שוין אונטערגעהייצט, דאָס גאָלד האָב איך שוין צוגעגרייט; אין זיבן טעג אַרום וועט פאַרטיק זיין א נייע מנורה, אינגאַנצן גלייך צו אונזערער, אז קיינער וועט נישט קענען אונטערשיידן איינע פון דער אַנדערער, וואָרום זי וועט פונקט אַזוי זיין, ווי יענע, סיי אין געוויכט, סיי אין פאָרעם, סיי אין שיינקייט און סיי אין חשיבות פונם גאָלד. נאָר איינע וועט זיין הייליק און די אַנדערע אן אַרבעט פון א פּשוטן בשר ודם. אָבער וועלכע פון זיי ביידע איז די הייליקע און

וועלכע איז די אנדערע; וועלכע מיר וועלן פרום אָפּהיטן, און וועלכע מיר וועלן איבערגעבן אויף אוועקצושיקן אין דער פרעמד. דאָס זאָל פון איצט אָן בלייבן דער סוד פון צוויי מענטשן: מיין סוד, דיין סוד".

בנימין האָט שוין מער נישט געפילט דאָס ציטערן אויף זיינע ליפּן. א בלוט־כוואליע איז מיטאמאָל ווייך אין ווארעם זיך פונאנ־דערגעגאנגען איבער זיין גאנצן לייב, די ברוסט איז געוואָרן אָנ־געשפּאנט, די אויגן זענען לויטער געוואָרן, ווי אָן אָפּשיין האָט זכריהס שמייכל זיך אָנגעהויבן אָפּשפּיגלען אויף זיין צעקנייטשטש אלט פּנים. ער האָט פארשטאנען. וואָס ער אליין האָט פריער גע־פרוּווט, דאָס האָט אצינד דער דאָזיקער אויסגעפירט. ער האָט אָפּ־גענומען די מנורה פון די פרעמדע, צוריקגעבנדיק זיי דעם גלייכן ווערט אין גאָלד און אין וואָג, אָפּראטעווענדיק בלויז די קדושה. אָבער ער האָט נישט געפילט קיין קנאה צו זכריהן; וואָס יענער האָט אויסגעפירט די טאט, וועלכע ער האָט ביזאהער געהאלטן פארן זין פון זיין לעבן. ער האָט בלויז הכנעהדיק געזאָגט:

„געלויבט זאָל זיין גאָט. אצינד שטארב איך גערן. דו האָסט געפונען דעם וועג, וועלכן איך האָב בחנם געזוכט. מיך האָט גאָט בלויז גערופן. דיך האָט ער געבענטשט".

אָבער זכריה האָט זיך אנטקייגנגעשטעלט.

„ניין. אויב עס איז איינעם באשערט צוריקצוברענגען די מנורה אין דער היימאט, ביסטו עס און נאָר דו".

„נישט איך. איך בין אן אלטער מאן. איך קאָן שטארבן אויפן וועג און זי וועט ווידער ארייגפאלן אין פרעמדע הענט".

אָבער זכריה האָט געשמייכלט פעסט און זיכער.

„דו וועסט נישט שטארבן. דו ווייסט דאָס שוין אליין: דיין

לעבן וועט נישט פארגיין פריער, איידער זיין זין וועט זיין דערפילט״.

בנימינען איז געקומען אויף דער מחשבה: נעכטן האָט ער געוואָלט שטארבן און גאָט האָט זיין ווּנטש אים אָפּגעזאָגט. אפשר האָט ער באמת נאָך א שליחות צו דערפילן. האָט ער זיך שוין מער נישט אנטקעגנגעשטעלט און בלויז געזאָגט:

„איך וועל נישט טון קיגן זיין רצון. אויב גאָט האָט מיך באמת אויסגעוויילט, ווי זאָל איך מיך אנטקייגנשטעלן? גיי און הויב אָן!״

*   *
*

זיבן טעג איז זכריה דעם גאָלדשמידס ווערקשטעל געבליבן פארשלאָסן פאר יעדן צוטריט. זיבן טעג האָט זיין פוס נישט באַ־טרעטן די גאס און אויף קיין שום קלאַפּן האָט זיך דאָס הויז נישט געעפנט. פאר אים איז אויף א דערהויבענעם געשטעל געשטאנען די מנורה, שטיל און גרויס, ווי זי איז אמאָל געשטאנען אין גאָטס הויז; אין אויוון האָט דערווייל דאָס פייער אויסגעשטעקט שווייגנ־דיקע צונגען און געשמאָלצן דאָס צעבראָכענע גאָלד פון רינגען, בראָשקעס און מטבעות. בנימין האָט אין די דאָזיקע זיבן טעג נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט צוגעקוקט, ווי די זידנ־דיקע מאסע האָט זיך פייערדיק אונטערגעהויבן אינם שמעלצטאָפּ און ווי די אויסגעגאָסענע ווידער איז געהאָרכזאם אריינגעפלאָסן אין די צוגעגרייטע פורעמס און אָפּקילנדיק זיך געהארטעוועט גע־וואָרן. ווען זכריה האָט דערנאָך מיט א פאָרזיכטיקן קלאַפּ מיט דער לאָפּאטקע צעבראָכן די הילע, איז די געשטאלט פון דער נייער מנורה געווען שוין אומגעפער קענטיק. שטארק און גלייך איז פון דעם פוסגעשטעל ארויסגעוואקסן דער שטאם, פון אים, רונד גע־

בויגן האָבן זיך דערהויבן די זיבן רערן, ווי צווייגן פון א בוים. אויבן האָבן זיך דייטלעך געפורעמט די בעכערס, באשטימט די ליכט צו האלטן, און אין די נאָך גלאטע פלאכן האָבן זיך וואָס אמאָל שארפער און שארפער, אונטער דעם גאָלדשמידס אומדער־מידלעך האמערנדיקער און פיילנדיקער האנט, אויסגעשיילט געני־די זעלבע פיינע אָרנאמענטן פון די בלומען, וואָס האָבן באצירט די אמתע, די הייליקע מנורה. פון טאָג צו טאָג איז די ערשט אנט־שטייענדיקע מנורה ענלעכער געוואָרן צו דער טויזנטיעריקער, דאָס נייע בילד צו דעם הייליקן אורבילד. און אין לעצטן, אין זי־בעטן טאָג, זענען זיי ביידע געשטאנען איינע אנטקייגן דער אנ־דערער, ווי צווילינגשוועסטער, נישט אונטערשיידבאר איינע פון דער אנדערער, אדאנק זייער פולשטענדיקער גלייכהייט אין גרייס און קאָליר, מאָס און געוויכט. אָבער זכריהס געניט אויג האָט אומ־דערמידלעך נאָך אלץ געהאלטן אין איין פארגלייכן די ביידע, ער האָט נאָך אלץ ווייטער געקארבט און געמייסטערט מיט דעם פיינסטן גראווירשטעכער און מיט דער דינסטער פייל זיין געליבט ווערק. ענדלעך האָט ער אויפגעהערט און געלאָזט זינקען די האנט. קיין שום אונטערשיד איז מער נישט געווען אויסצוגעפינען, און אזוי געטריי ענלעך זענען זיי ביידע געווען, איינע צו דער אנדע־רער, אז כדי אליין נישט צו האָבן קיין טעות, האָט אצינד זכריה נאָכאמאָל גענומען דעם גראווירשטעכער און איינגעקריצט א קוים באמערקבארן צייכן אין דער פארשאָטנטער אינעווייניקסטער קנאָספּע פון א בלום פאר א סמן, אז די דאָזיקע איז די נייע מנורה, זיין אייגן ווערק, און נישט יענע פון פאָלק און פון בית המקדש.

דאָס אָפּגעטון, האָט ער זיך צוריקגעצויגן, אראָפּגענומען פון זיך דאָס לעדערנע פארטוך און זיך געוואשן די הענט. נאָך זיבן טעג ארבעטן האָט ער צום ערשטן מאָל ווידער געגעדט צו בנימינען.

„מיין עובדה איז אָפּגעטון. איצינד הויבט זיך אָן דיינע. נעם אונזער מנורה און טו מיט איר, ווי דו פארשטייסט".

אָבער צו זיין פארוווּנדערונג האָט בנימין אָפּגעווענדט:

„זיבן טעג האָסטו געארבעט און זיבן טעג האָב איך גע־טראַכט און מיין הארץ אָנגעפרעגט. עס האָט מיך א מורא באַ־הערשט, צי איז נישט קיין אָפּנארעריי, וואָס מיר טוען. ווארום דו האָסט גענומען איין זאך און אן אנדערע גיסטו צוריק יענע, וואָס האָבן דיר געטרויט. ניין, עס איז נישט רעכט, מיר זאָלן אוועק־שיקן די נישט ריכטיקע און יענע ביי זיך לאָזן און דורך קרומע וועגן זיך דערשלאָגן דערצו, וואָס איז אונז נישט געגעבן געוואָרן אויפן גלייכן וועג. גאָט האָט נישט ליב, מיר זאָלן אָנווענדן גע־וואלט, און ווען איך האָב אלס קינד די פויסט אויסגעשטרעקט נאָך דעם הייליקן ווערק, האָט ער מיר די האנט צעשמעטערט. אָבער איך ווייס, אז נישט ווייניקער פאראכט גאָט אָפּנארעריי, און ווער עס נארט אָפּ און באשווינדלט, דעם פארוווּנדעט ער די נשמה".

זכריה האָט נאָכגעטראכט.

„אָבער ווען דער שאצמייסטער וועט אליין אויסקלייבן פון די ביידע די נישט ריכטיקע?"

בנימין האָט אויפגעהויבן דעם בליק:

„דער שאצמייסטער ווייסט, אז איינע איז אלט און איינע ניי, און אויב ער וועט פרעגן, וועלכע עס איז די עכטע און ריכטיקע, מוזן מיר אים אָנווייזן אויף דער אמתער. אויב אָבער גאָט וועט אזוי מאכן, אז דער שאצמייסטער וועט נישט פרעגן און ביידע וועלן פאר אים זיין אלצאיינס, ווייל זיי זענען גלייך, סיי אין גאָלד, סיי אין געוויכט, דעמאָלט, מיין איך, וועלן מיר נישט האָבן באַ־

גאנגען קיין אומרעכט. וועט ער אליין אויסקלויבן דיינע, וועט דאָס זיין פאר אונז א צייכן. אָבער נישט מיר דארפן אנטשיידן!"

האָט זכריה געשיקט דעם קנעכט צום שאצמייסטער אהיים און דער שאצמייסטער איז געקומען, א געמיטלעכער מונטערער מאן מיט קליינע קיילעכיקע אויגן, וואָס האָבן שארף און גענוי ארויסגעקוקט פון די רויטלעכע בעקלעך. ער האָט מבֿיניש באַטאפט באלד אין פאַרצימער צוויי זילבערנע טעלער, וואָס זענען ערשט נישט לאנג פארענדיקט געוואָרן, זאָרגפעלטיק געקלאפט אין זיי מיטן פינגער און באטראכט די פיינע צייכנונג. ער האָט נייגעריק אויפגעהויבן פון ווערקשטעל-טיש די געשליפענע איידל-שטיינער איינעם נאָכן אנדערן און זיי באטראכט אנטקעגן ליכט; אזוי צעשפילט און פארליבט האָט ער באקוקט שטיק נאָך שטיק, די פארטיקע, ווי די ערשט אנטשטייענדיקע ווערק פון דעם גאָלד-שמיד. אז זכריה האָט אים געמוזט דערמאנען, ער זאָל ענדלעך באַקוקן די מנורהס, וואָס זענען גאָלדן און שטיל געשטאנען איינע נעבן דער אנדערער אויף דעם אויסשטעלטיש, די טויזנטיעריקע און די נאָר וואָס געשאפענע, אורבילד און נאָכאמונג.

געשפאנט האָט דער שאצמייסטער זיך אוועקגעשטעלט פאר די צוויי מנורות. מען האָט געזעען, אז עס האָט גערייצט זיין מבֿינישע אמביציע צו קענען אונטערשיידן די נייגעשאפענע פון דער עכטער, לויט עפעס א מינדסטן חסרון, אָדער א פארבאָרגע-נער נישט גלייכהייט. ער האָט זאָרגפעלטיק געדרייט און איבער-געקערט איינע נאָך דער אנדערער פון אלע זייטן, אזוי אז דאָס ליכט איז אלעמאָל געפאלן אויף אנדערע פלאכן. ער האָט גע-וויגן זייער געוויכט. ער האָט געריצט דאָס גאָלד; אָפטרעטנדיק און זיך צוריק דערנענטערנדיק האָט ער מיט שטייגנדיקער שפּאַ-נונג פארגלייכט און פארגלייכט זייער אומפעלערהאפטיקע גלייכ-היים. ענדלעך האָט ער, דאָס אויג באוואָפנט מיט א פארגרעסער-קריסטאל, גאנץ נאָענט זיך צוגעבויגן צו די פיינע ריצן און קארבן.

אָבער ער האָט נישט געקאָנט אויסגעפינען קיין שום אונטערשיד. א פּאַרמאַטערטער האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס צוועקלאָזע פאַרגלייכן און געקלאַפּט זכריהן איבער די פּלייצעס.

„ביסט א מייסטער, זכריה, און אליין אַן אוצר פאַר אונזער קייסערלעכן אוצר. ס'וועט שוין קיינער קיינמאָל נישט קענען אונ־טערשיידן, וועלכע עס איז די עלטערע און וועלכע די נייע. אזוי זיכער שאַפט דיין האַנט. אויסגעצייכנט, מיין ליבער!"

און ער האָט פּאַמעלעך ווידער אָנגעהויבן באַטראַכטן די גע־שליפענע שטיינער. זוכנדיק איינעם פאַר זיך אליין. אזוי אַז זכריה האָט זיך ווידער געמוזט צו אים ווענדן.

„אַלזאָ וועלכן לייכטער באַגערט איר".

קאַלטבלוטיק און האַלב שוין אויסגעדרייט האָט דער שאַצ־מייסטער געענטפערט:

„וועלכן דו ווילסט! מיר איז אַלץ איינס".

דאָ איז בנימין אַרויסגעטרעטן פון שאָטן, אין וועלכן ער האָט זיך שרעקעוודיק און אויפגערעגט געהאַט באַהאַלטן.

„האַר, מיר בעטן דיך: קלויב דיר דו אליין אויס איינעם פון ביידע".

דערשטוינט האָט דער שאַצמייסטער א קוק געטון אויף דעם פרעמדן אַלטן מאַן. וואָס וויל דער דאָזיקער מאָדנער מאַן און פאַר־וואָס קוקט ער אים אַן אזוי בעטנדיק מיט צאַפּלענדיקע, ברענענ־דיקע בליקן? אָבער גוטמוטיק געשטימט און צו גלייכגילטיק, אַז ער זאָל אַן אַלטן מאַן אָפּזאָגן זיין באַגער, האָט ער זיך נאָכאַמאָל צוריק אויסגעדרייט. אין שפּאַסהאַפטיקער שטימונג, האָט ער גע־

נומען א קליינע מטבע און זי א שליידער געטון הויך אין דער לופטן. זי איז אראָפּגעפאלן און זיך געקאָלערט אין א קרייז אויפן באָדן, דריי מאָל האָט זי זיך ארומגעדרייט און איז ענדלעך נעבליבן ליגן לינקס פון אים. שמייכלענדיק האָט דער שאצמייסטער אָנגעוויזן אויף דעם לייכטער, וואָס איז געשטאנען לינקס: „דער אלזאָ!" דערנאָך איז ער אוועקגעגאנגען און די אריינגערופענע דינער האָבן אריבערגעטראָגן דעם אויסגעוויילטן אין דער שאצקאמער. דאנקבאר און העפלעך האָט דער גאָלדשמיד באגלייט זיין פּראָטעקטאָר ביז צו דער שוועל פון צימער.

בנימין איז איבערגעבליבן. מיט א ציטערנדיקער האנט האָט ער אָנגערירט די מנורה. עס איז געווען די עכטע, די הייליקע, דער שאצמייסטער האָט געהאט אויסגעקליבן די אנדערע.

* *

*

ווען זכריה האָט זיך צוריקגעקערט, איז בנימין נאָך אלץ נעשטאנען אומבאוועגלעך פאר דער מנורה און געקוקט אויף איר מיט אזא ברענענדיקן בליק, ווי ער וואָלט זי וועלן מיטן דאָזיקן בליק איינגאנצן אין זיך איינשלינגען. ווען דער אלטער מאן האָט ענדלעך זיך א קער געטון צו אים, האָט זיך אויסגעדאכט, ווי דער גאָלדענער אָפּשיין וואָלט נאָך געגלאנצט אין זיינע שווארצאפּלען: איבער דעם ביטער געפּרוּווטן איז געקומען יענע שטילע רואיקייט, וואָס באהערשט תמיד דאָס הארץ נאָך א קלאָרן אנטשלום. ער האָט בלויז שטיל מתפלל געווען:

„גאָט זאָל דיך באלוינען, מיין ברודער. און אצינד פארשאַף מיר נאָך א זאך: אן ארון"...

„אן ארון?"

„וווּנדער דיך נישט. אין די דאָזיקע זיבן טעג און נעכט האָב איך נאָר וועגן איין זאַך נאָכגעטראַכט: ווי אַזוי קאָן מען די מנורה ברענגען צו מנוחה. אויך איך האָב פריער געמיינט, אַז אויב מען וועט די מנורה מציל זיין, דאַרף זי געהערן צום פאָלק און מען זאָל זי אָפּהיטן, ווי אַ הייליקן פּקדון. אָבער אונזער פאָלק, ווו איז עס און ווו געפינט זיך זיין היים? נאָך זענען מיר אומעטום גע־רודפטע און איינגעבעטענע, אײנערגעץ האָבן מיר נישט קיין גע־זיכערט אָרט, כדי צו קענען די מנורה בכבוד האלטן, ווי זי פאַר־דינט. שטעלן מיר זיך אויף אַ הויז, פאַרטרייבט מען אונז, בויען מיר אויף אַ טעמפּל, מאַכט מען אים חרוב; כל זמן געוואַלט וועט האָבן אַ דעה איבער די פעלקער, וועט די קדושה אינערגעץ נישט האָבן קיין מנוחה אויף דער ערד. בלויז אונטער דער ערד איז דאָ מנוחה. דאָרט רוען זיך אוים די טויטע פון זייער וואַנדערן, דאָרט גלאַנצט נישט דאָס גאָלד פאַר דעם רויבער און רייצט נישט זיין תאוה. דאָרט זאָל זי רוען אין פרידן, די אהיימגעקומענע, נאָך טויזנט יאָר וואַנדערן".

„אויף אייביק" — זכריה האָט געשטוינט — „ווילסטו די מנורה באַגראָבן?"

„ווען איז דער מענטש בכח געווען משיג צו זיין די אייבי־קייט? ווי אַזוי קען איך באַשטימען אַ צייט פאַר עפּעס אַ זאַך, בעת איך ווייס מיין אייגענע נישט? רו וויל איך דער מנורה ברענ־גען, אָבער ווי לאַנג זי וועט רוען, ווער קאָן עס וויסן, חוץ גאָט? איך קאָן נאָר טון די טאַט, אָבער וואָס פון איר וועט אַרויסקומען, ווי קען איך דאָס אויסמעסטן, ווי אַזוי אויסרעכענען די צייט און די אייביקייט? זאָל גאָט אַליין אַנטשיידן דער מנורהס גורל. איך וועל זי איינגראָבן, קיין אַנדערן אופן זי צו באַהיטן ווייס איך נישט; אָבער אויף ווי לאַנג, ווער קאָן דאָס וויסן! אפשר וועט גאָט

אויף אייביק זי לאָזן אין דער פינסטערניש און אונזער פאָלק וועט אומגעטרייסט מוזן וואנדערן, צעזייט און צעשפּרייט אויפן רוקן פון דער ערד. דאָך אפשר — און מיין הארץ איז פול מיט דער דאָזיקער האָפנונג — אפשר וועט זיין רצון זיין, אז דאָס פאָלק זאָל זיך אומקערן אהיים. דעמאָלט וועט ער שוין אויסגעפינען איינעם, וואָס וועט צופעליק נעמען די לאָפּעטע אין האנט און אָנטרעפן דאָס אָרט, ווו זי איז באגראָבן, פונקט ווי גאָט האָט מיך געפונען, איך זאָל זי, די ארומוואנדערנדיקע, באהאלטן. זאָרג דיך נישט וועגן איר גורל, לאָז עס איבער אים און דער צייט! זאָל מען זי אפילו האלטן פאר פארלוירן געגאנגען, די מנורה, און מיר, וואָס זענען גאָטס סוד — מיר גייען נישט פארלוירן! וואָרום גאָלד ווערט נישט, ווי דאָס מענטשלעכע לייב, צעפאלן אין שוים פון דער ערד און פונקט אזוי אונזער פאָלק אין דער פינסטערניש פון די צייטן. עס וועט נישט אונטערגיין דאָס ערשטע, עס וועט נישט אונטער־גיין דאָס אנדערע, דאָס פאָלק און די מנורה! טאָ לאָמיר גלויבן, אז זי, וואָס מיר באגראָבן, וועט אמאָל אויפשטיין און לויכטן דעם פאָלק, דעם אהיימגעקערטן. וואָרום נאָר אז מיר גלויבן, האָבן מיר א תקומה אויף דער וועלט".

ביידע האָבן געקוקט פאר זיך אין דער ווייטקייט אריין. דאן האָט בנימין נאָכאמאָל איבערגעחזרט:

„און אצינד שאף מיר דעם ארון".

*   *

*

דער סטאָלער האָט געבראכט דעם ארון. עס איז געווען א פשוטער ארון, אזעלכן האָט בנימין געפאָדערט, כדי ער זאָל נישט ציען אויף זיך קיין באזונדערע נייגיריקייט, ווען ער וועט אים

אוועקפירן מיט זיך אין לאַנד פון די אבות. אָפּטמאָל פלעגן פרומע לייט, וואָס האָבן עולה רגל געווען אין הייליקן לאַנד, מיטברענגען ארונות, כדי מקבר צו זיין זייערע עלטערן און קרובים אין דער הייליקער ערד; אין אזא ארון פון טענענהאָלץ האָט אָן שום סכנה געקאָנט אריינגעלייגט ווערן די מנורה, וואָרום פון אלע זאכן אויף דער וועלט איז בלויז דאָס געשטאָרבענע אויסגעשלאָסן פון מענטש-לעכער גיריקייט.

מיט יראת הכבוד האָבן זיי ביידע אריינגעלייגט די מנורה אין ארון. מיט זיידענע טיכער און שווערע עטרות, אזוי ווי מען הילט איין א ספר תורה, האָבן זיי זאָרגפעלטיק ארומגעוויקלט אירע גאָלדענע אָרעמס, דעם ליידיק געבליבענעם חלל האָבן זיי אָנגעפּולט מיט פלאַקס און ווייכער וואָל, כדי דאָס מעטאַל זאָל ביים טראָגן נישט אָנקלאַפּן אָן דעם האָלץ און אזוי ארום דעם סוד אויסגעבן. מיט א פאָרזיכטיקער און ציטערנדיקער האַנט האָבן זיי איינגעבעט די מנורה אין דעם ארון, די וויג פון טויטע, און ביידע האָבן זיי דערביי מיט שוידער געטראַכט: אפשר, אויב גאָט וועט נישט מיט חסד ענדערן דעם פאָלקס גורל, וועלן זיי ביידע שוין אויף דור דורות בלייבן די לעצטע, וואָס האָבן די הייליקע מנורה פון בית המקדש באַרירט מיט די הענט און מיט ערפורכ-טיקע אויגן אָנגעקוקט. אָבער איידער זיי האָבן דעם ארון פאַר-מאַכט, האָבן זיי נאָך גענומען א דויערהאַפטיקן פאַרמעט און אויפ-געשריבן און באַשטעטיקט, אז זיי ביידע, בנימין המכונה מר נפש, פון הויז אבטליון, און זכריה פון הללס גזע האָבן אין אכטן יאָר פון יוסטיניאַנס ממשלה אין ביזאַנץ אריינגעלייגט מיט זייערע אייג-גענע הענט די הייליקע מנורה אין דאָזיקן ארון, כדי, אויב עמע-צער וועט אמאָל אין הייליקן לאַנד אויפגראָבן די דאָזיקע מנורה, עס זאָל באַשטעטיקט זיין, אז זי איז די אמתע פון פאָלק. די דאָ-

זיקע פארמעטענע מגילה האָבן זיי אריינגעלייגט אין א בלייערן שיידל און דאָס דאָזיקע שיידל ווידער האָט זכריה, דער גאָלדשמיד, געגוי צוגעלייט, אז פייכטקייט און שימל זאָל נישט צעשטערן דאָס כתב; מיט א פיין גאָלדן קייטל האָט ער עס צוגעפעסטיקט צום שטאם פון דער מנורה, כדי צוזאמען מיט איר זאָל מען אויך די באשטעטיקונג געפינען. נאָכדעם ווי דאָס איז געווען אָפגעטון, האָבן זיי פארקלאפט דעם ארון מיט נעגל און קלאמערן, מער איז צווישן זיי ביידע נישט גערעדט געוואָרן קיין וואָרט, ביז די קנעכט האָבן געבראכט דעם ארון צו בנימינען אויף דער שיף. וואָס האָט זיך געלאָזט קיין יפו. דאָרט ערשט, ווען דער אויפגעצויגענער זעגל האָט שוין געקנאקט אין ווינט, האָט זכריה גענומען אָפשייד און געקושט זיין פריינט.

„גאָט זאָל דיך בענטשן און באהיטן. ער זאָל פירן דיין וועג און בענטשן דיין טאט. די לעצטע, די איינציקע זענען מיר ביידע געווען, וואָס האָבן געוווּסט וועגן דער מנורהס וועג. פון אצינד אָן קענסטו דו אים בלויז אליין“.

בנימין האָט זיך פרום געבוקט.

„אויך מיין וויסן איז נאָר אויף א קורצער צייט. ווייטער ווייסט שוין בלויז גאָט, ווו זיין מנורה רוט“.

* *
*

ווי תמיד, ווען עס פלעגט אָנקומען א שיף קיין יפו, האָט זיך פארזאמלט א גרויסער עולם נייגיריקע ביים ברעג, כדי פון דער נאָענט אָנצוקוקן די אָנגעקומענע און זיי צו באגריסן. אויך עטלעכע יידן זענען געווען צווישן עולם און ווי נאָר זיי האָבן דערקענט,

אז יענער אלטער ווייסבערדיקער מאן איז א זייעריקער און געזעען די שיפסקנעכט נאָכטראָגן הינטער אים אן ארון, האָבן זיי זיך אלע צונויפגענומען און אין שווייגנדיקער איינפארשטענדיקונג נאָכגע־גאנגען דעם ארון. ווארום עס׳ווערט געהאלטן ביי יידן פאר א מצוה צו באגלייטן א מת א שטיקל פון לעצטן וועג און אפילו זיך מתעסק צו זיין ביי א פרעמדנס און אומבאקאנטנס לויה. קיין שום ייד פון יפו, צו וועלכן ס׳איז נאָר דערגאנגען די ידיעה וועגן ארון, וואָס איינער א זייעריקער האָט אהערגעבראכט פון יענער זייט ים, איז נישט אָפּגעשטאנען פון הייליקן חוב. פון אלע גאסן און הייזער זענען זיי באלד אָנגעקומען, איבערלאָזנדיק ארבעט און מסחר. און ביי א וואָס אמאָל וואקסנדיקער צאָל מלוים האָט מען דעם ארון געטראָגן ביז צו דער אכסניה, ווו בנימין האָט געזוכט אן אָרט איבערצונעכטיקן. דאָרטן ערשט, נאָכדעם ווי מען האָט דעם ארון אוועקגעשטעלט נעבן זיין געלעגער — ווארום אזא משונהדיקן פארלאנג האָט דער זקן געהאט —, האָבן זיי איבער־געריסן דאָס שטילשווייגן. זיי האָבן באגריסט זייער גלויבנס־חבר מיט א ברוך הבא און אים געפרעגט, פונוואנען ער קומט און וווהין עס פירט אים זיין וועג.

בנימין האָט קארג געענטפערט. ער האָט זייער מורא געהאט, אז עס זענען שוין דערגאנגען אהער ידיעות פון ביזאנץ און עמע־צער וועט אים נאָך דערקענען. ער האָט נישט געוואָלט ווידער־אמאָל אויפוועקן ביי זיינע ברידער איבערגעטריבענע דערוואַרטונג. אָבער ער האָט אויך געוואָלט אויסמיידן נישט אמתדיקע רייד נעבן דער מנורה: האָט ער זיי דעריבער געבעטן, מען זאָל אים לאָזן שווייגן. עס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן מקבר צו זיין דעם דאָזיקן ארון און מער טאָר ער נישט זאָגן. ער האָט זאָרגפעלטיק אויסגעמיטן די ווייטערדיקע נייגיריקייט־פראגן און אליין אצינד

געפרעגט, ווּ עס געפינען זיך דאָ הייליקע ערטער, כדי דעם ארון צו פארשיטן. דאן האָבן די יידן פון יפו זיך צעשמייכלט מיט א שפילן שטאָלץ: דאָ אין לאנד איז יעדעס אָרט הייליק און אומעטום פארמאָגט שוין די ערד אליין א קדושה. דערנאָך אָבער האָבן זיי אים אָנגערופן און געשילדערט די אלע מקומות, ווּ עס רוען אין זייערע קברים, אין היילן אָדער אין פלאכן פעלד און דערקענבאר בלויז דורך אָנגעהויפטע נישט־ארומגעהאקטע שטיינער, די אבות און אמהות, די העלדן און מלכים פון פאָלק. און זיי האָבן געריממט די ווירקנדיקע קראפט פון די דאָזיקע הייליקע ערטער. קיין שום פרומער מאן האָט נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט זיי צו באַזוכן, כדי צו באקומען דורך זיי א טרייסט. זיי האָבן מיט דינסט־גרייטקייט זיך אָנגעבאָטן — וואָרום דער דאָזיקער זקן האָט גע־וועקט דרך ארץ צו זיך — אים אהינצופירן און, וויבאלד ער וועט דערלויבן, צוזאמען מיט אים דעם אומבאקאנטן מת צו קבורה ברענגען. אָבער בנימין האָט צוליבן סוד אָפּגעלענט זייער גרייט־שאפט און זיי אוועקגעלאָזט מיט גרויס דאנק. בלויז דעם בעל־הבית פון דער אכסניה האָט ער געבעטן, ער זאָל אים פאר א גוטער באלוינונג צושטעלן א קנעכט, וואָס זאָל קענען דעם וועג און זיין געניט קרעפטיק אויסצוגראָבן א קבר, ווּ מען וועט אים אָנווייזן, אויך א מוילאייזל צו טראָגן דעם ארון. דער בעל הבית האָט אים צוגעזאָגט: באלד באגינען וועט זיין אייגענער קנעכט גרייט זיין אים צו באגלייטן, ווּהין ער פארלאנגט.

די דאָזיקע נאכט אין דער אכסניה אין יפו איז געווען די לעצטע פון די ווייטיקלעכע ספקות און הייליקע יסורים אין לעבן פון בנימין, דעם ביטער געפרוּווטן. ווידער איז פארשווּנדן די זי־כערהייט פון זיין נשמה. נאָכאמאָל האָט ער דערפילט דעם פיינ־פולן עול פון דער אנטשיידונג. ווידעראמאָל האָט ער געפרעגט און

געפרעגט זיך אליין, צי האָט ער באמת א רעכט צו פארשווייגן פארן פאָלק דעם אהיימקער און די רעטונג פון דער מנורה און זיי נישט באקאנט מאכן, וואָס ער פארגראָבט אין דאָזיקן פרעמדן קבר. וואָרום אויב דאָס טויטע געביין אין די קברים פון די אבות קאָן געבן אזא מעכטיקע טרייסט די פאראומערטע, היינט ווי באַגליקט וואָלט זיך עס געמוזט פילן דאָס דאָזיקע געיאָגטע, געטרעטענע און איבער דער גאנצער וועלט צעשפרייטע פאָלק, ווען עס זאָל האָבן א מינדסטע אנונג, אז דער אייביקער לייכטער, דער דאָזיקער בולטער סימן פון זייער אייניקייט, איז נישט פארלוירן, נאָר געראטעוועט און באהיטן ווארט ער אין דער היימישער ערד אויפן טאָג פון צוריקקער. „ווי מעג איך צונעמען ביי זיי די האָפּנונג", האָט ער שלאָפלאָז געקרעכצט, „ווי מעג איך דעם סוד באַהאלטן פאר מיר אליין, אין קבר מיטנעמען דאָס, וואָס איז בכח צו שענקען האָפנונגען און פרייד צו טויזנטער. איך ווייס, ווי דורשטיק זיי זענען נאָך א טרייסט: שרעקלעכער גורל פון א פאָלק; תמיד בלויז צו ווארטן אויף דעם אמאָל און אויפן אפשר. תמיד נאָר שטומען בטחון האָבן אין געשריבענע ספרים און קיינמאָל נישט צו באקומען קיין צייכן! און דאָך, בלויז אויב איך וועל שווייגן, וועט די מנורה בלייבן אָפּגעהיטן פארן פאָלק! האר, העלף מיר אין מיין נויט: ווי וועל איך טון גוט, ווי וועל איך טון שלעכט פאר זיי, פאר די ברידער? זאָל איך דעם דינער, וואָס יענער האָט מיר צוגעזאָגט, צוריקשיקן פון קבר און צו וויסן געבן, אז דאָ רוט א הייליק פקדון? אָדער דארף איך שטום בלייבן, אז קיינער זאָל דאָס אָרט פון קבר נישט וויסן אויסער דיר? האר, אנטשייד דו פאר מיר! איינמאָל האָסטו שוין געגעבן א צייכן! אצינד גיב מיר א צווייטן: האר, נעם אראָפּ פון מיר די אנטשיידונג!"

אָבער שטום איז געבליבן די נאכט און פיינטלעך האָט דער שלאָף אויסגעמיטן דעם געפּרוּווטן. מיט ברענענדיקע אויגן איז ער געלעגן וואכערהייט ביזן באגינען, פארמאטערט פון ספקות און וואָס אמאָל טיפער פארשטריקט אין דער ווערגנדיקער נעץ פון פחד און אומרו. שוין איז דער מזרח העל געוואָרן און דעם אלטן מאנס נשמה איז נאָך אלץ געוועזן פארוואָלקנט; דאן איז דער ווירט פון דער אכסניה אריינגעקומען אין חדר מיט א פארזאָרגטן בליק.

„פארגיב, אָבער איך קאָן דעם קנעכט, וואָס קען דעם וועג, נישט מיטשיקן מיט דיר, ווי איך האָב דיר נעכטן צוגעזאָגט. ער איז פּלוצלינג פארשלאפט געוואָרן ביינאכט. א שוים האָט אים א שלאָג געטון פון מויל און אצינד ליגט ער אין שטארקן פיבער. בלויז דעם אנדערן קנעכט מיינעם קאָן איך דיר געבן. אמת, דאָס לאנד איז אים פרעמד און דערצו איז ער א שטומער; פון זיין געבוירן אָן האָט אים גאָט דאָס מויל פארשלאָסן. אויב דו ווילסט זיך מיט אים באגניגענען, וועל איך דיר גערן דעם שטומען שיקן“.

בנימין האָט נישט אָנגעקוקט דעם ווירט. ער האָט בלויז אויפגעהויבן א דאנקבארן בליק אינדערהויך. אן ענטפער האָט ער באקומען. א שטומער איז אים צוגעשיקט געוואָרן אלס צייכן פון שווייגן. איינער, וואָס קען נישט דאָס לאנד, כדי דאָס אָרט זאָל אייביק בסוד בלייבן. די ספקות האָבן שוין מער נישט געפייניקט זיין נשמה און ער האָט מיט דאנקבארקייט געענטפערט:

„שיק מיר דעם שטומען. און זאָרג דיך נישט. איך קען שוין אצינד מיין וועג“.

* *

*

פון אינדערפרי ביז אָוונט איז בנימין געגאַנגען מיט זיין שטומען באַגלייטער איבער ליידיקע פעלדער. הינטער זיי האָט שטיל און געדולדיק געשפּאַנט דאָס מוילאייזל מיטן אָרון קווער צוגעבונדן איבערן רוקן. טיילמאָל זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען פאַר קליינע הייזלעך, וואָס זענען אָרים און פאַרשטויבט געשטאַנען ביים וועג, אָבער בנימין האָט זיך ביי קיין איינעם נישט אָפּגעשטעלט רוען. און ווען עס פלעגן זיי באַגעגענען וואַנדערנדיקע, האָט ער זיי בלויז באַגריסט מיט שלום און אויסגעמיטן יעדן שמועס. ער האָט שוין אויסגעקוקט, וואָס גיכער אויסצופירן זיין עובדה און צו קבורה ברענגען די מנורה. נאָך האָט ער דאָס אָרט און דעם פּלאַץ נישט געוווּסט, און עפּעס אַן אומקלאָרע און געהיימניספולע מורא האָט אים נישט דערלאָזט אליין דאָס אָרט אויסצוּוויילן. „צוויי מאָל איז מיר", האָט ער פרום געטראַכט, „א צייכן געגעבן געוואָרן, איך וועל וואַרטן אויפן דריטן". זענען זיי אינצווייען ווייטער געגאַנגען דורך דעם בּיסלעכווייז טונקל ווערנדיקן וועג און איבער די בערגלעך האָט זיך דערהויבן די נאַכט מיט שוואַרצע פליגל. שווערע וואָלקנס האָבן פאַרדעקט דעם הימל, פול מיט אומרו האָבן זיי געוואַנדערט הין און צוריק און פאַרשטעלט די לבנה, וואָס איז שוין — מען האָט עס דערקענט לויט א לייכטן שימער איבער די בערג־שפּיצן — הויך געשטאַנען אויפן הימל. א שעה נאָך האָט עס געמוזט זיין אָדער צוויי ביז צו אַן אָרט, וווּ ס'האָט זיך געפונען א נאַכטלעגער. אָבער בנימין איז מונטער געגאַנגען ווייטער און נעבן אים, ווי א שווייגנדיקער שאָטן, דער שטומער, די שויפל געלאָדן אויפן אַקסל און הינטער זיי מיט א גלייכמעסיקן געדולדיקן לויף דאָס מוילאייזל.

פלוצלינג האָט עס זיך פאַרהאַלטן און געבליבן שטיין. דער דינער האָט אָנגענומען דאָס מוילאייזל ביי דער צוים, כדי עס

אוועקצושלעפּן ווייטער. דאָך, פאַרעקשנט איינשניידנדיק די פאָ־
דערשטע פיס אין דער ערד, האָט עס אים אָפּגעשטויסן אויף צוריק
און בייז געשטשירעט די ציין. עס האָט נישט געוואָלט גיין ווייטער.
דער שטומער האָט מיט רוגזה א ריס געטון די שויפל פונם אקסל,
כדי מיטן הילצערנעם שטיל צו שלאָגן די פאַרעקשנטע חיה אין
די זייטן, אָבער בנימין האָט אים אָנגעכאפּט ביי דער האנט. ער
האָט אים באַפוילן צו וואַרטן און צורו לאָזן די חיה. אפשר איז דאָס
דאָזיקע אָפּשטעלן זיך א ווינק און א צייכן.

בנימין האָט זיך ארומגעקוקט. דאָס באַרגיקע לאַנד איז גע־
לעגן פינסטער און פאַרלאָזן, עס איז נישט געווען אין דער נאָענט
קיין הויז און קיין שום בנין. זיי האָבן משמעות געמוזט ערגעץ
אראָפּגיין אין א זייט פונם ברייטן וועג, וואָס פירט קיין ירושלים
און בנימין האָט זיך געטראַכט: יאָ, א פּאַסיק אָרט איז דאָ, די
מנורה קאָן דאָ פון קיינעם נישט באמערקט אריינגעלייגט ווערן.
ער האָט געפּרוּווט די ערד מיטן שטעקן; זי איז געווען פעט און
פעסט און אָן שטיינער. עס וואָלט נישט שווער געווען צו גראָבן דאָ
א קבר און די ארומיקע בערגלעך זענען א שוץ פאַר דעם אָניאָגנדיקן
זאמד, וואָס וואָלט לייכט געקאָנט פאַרווישן די שפּורן. אצינד האָט
מען בלויז באַדאַרפט אויסגעפינען דאָס געהעריקע אָרט. ער האָט
מיט אן אומזיכערן בליק לאַנג געקוקט רעכטס, לינקס, וועלנדיק
שוין אויסוויילן אן אָרט. מיטאמאָל אָבער האָט ער דערזעען רעכטס,
אן ערך דריי אָדער פיר שטיינוואָרפן ווייט פון וועג, אויף א ליידיקן
פּלאַץ א שאָטנדיקן בוים, שטאַרק ענלעך אין וווּקס און אין גע־
שטאַלט צו יענעם אויפן בערגל אין פערא. אונטער וועלכן ער האָט
דאַן גערוט און ווו עס איז צו אים דערגאַנגען די שליחות וועגן דער
גניזה פון דער מנורה. ער האָט זיך דערמאַנט אָן זיין חלום און
דאָס הארץ איז אים געוואָרן זיכער. ער האָט באַלד באַפוילן דעם

שטומען אָפּצוביינדן דעם ארון פון דער היהם רוקן, און ווי נאָר דאָס איז געשעען, האָט דאָס מוילאייזל נאָכגעלאָזט די אָנגעשפּאַנטע גלידער, זיך צוגעשטופּט צו אים גאַנץ נאָענט. אז ער האָט דערפילט דעם וואַרעמען הויך פון די נאָזלעכער אויף זיין האַנט. עס איז געווען דאָס ריכטיקע אָרט. ער האָט דאָס אצינד געוווּסט וואָס אמאָל זיכערער און עס אָנגעוויזן דעם קנעכט. וועלכער האָט זיך גענומען פלייסיק צו דער ארבעט. ווי זילבערן האָט אָפּגעקלונגען די לאָפּעטע, געהאַרכזאַם און קרעפטיק האָט דער שטומער געשויפלט די שטומע ערד. באלד איז די טיפעניש געווען דערגרייכט. אצינד האָט מען באַדאַרפט אין איר אראָפּלאָזן די מנורה. דער אונגלאָזער קנעכט האָט מיט זיינע ברייטע אָרעמס פּאַמעלעך אויפגעהויבן די משא, פאָרזיכטיק האָט זיך דער ארון אראָפּגעגליטשט און איז ענדלעך געבליבן ליגן אויסגעצויגן צום אייביקן שלאָף, פאַרבאָרגנדיק דעם טייערן גאָלדענעם קערן אין דער הילצערנער שאָל, וועלכע עס וועט באלד צודעקן די אָטעמענדיקע, גרינענדיקע, שפּראָצנדיקע, אייביק לעבעדיקע הילע פון דער ערד.

בנימין האָט זיך צום לעצטן מאָל אראָפּגעבויגן: „דער לעצטער עדות בין איך", האָט ער געטראַכט און ער האָט ווידער אויפגעשווידערט אונטער דער משא פונם דאָזיקן געדאַנק. „קיינער אויף דער וועלט, חוץ מיר, ווייסט מער נישט דעם סוד פון אונזער מנורה. קיינער קען נישט איר קבר און האָט קיין אנונג נישט וועגן דעם פאַרבאָרגענעם אָרט". אין דעם אויגנבליק האָט זיך מיטאמאָל אויפגעשליירט די פאַרשטעלטע לבנה. די וואָלקנס, וואָס האָבן דעם גאַנצן אָוונט געהאַט פאַרהילט איר שיין, זענען אָפּגעטרעטן א ביסל אין א זייט. עס האָט א פלייץ געטון א שטאַרקער שטראַל און עס האָט זיך געדאַכט, ווי פון מיטן הימל קוקט אראָפּ דורך טונקעלע אויגנהייטלעך א ריזיק גרויס ווייס אויג. נישט ווי אן ערדיש

אויג האָט עס אויסגעזעען, באשאָטנט דורך וויעס. ווייך און פאר־
נענגלעך, נאָר רונד און הארט. ווי פון אייז. אייביק און נישט צע־
שטערבאר. ביז טיף אריין אין אָפענעם קבר האָט עס געגלאָצט
און געשטראלט. עס האָט באלויכטן די פיר אויסגעשניטענע קאנטן
פון דער ערד. און די גלאטע אויבערפלאך פונם ארון האָט גע־
גלאנצט אין דעם ווייס שטראָמענדיקן ליכט ווי בלאנק מעטאל.
בלויז איין איינציקע רגע האָט עס געדויערט. איין איינציקער בליק
פון אן אומגעהויערער ווייטקייט אראָפּ. דערנאָך האָבן די וואָלקנס
ווידער פארהילט די וואנדערנדיקע לבנה. און בנימין האָט גע־
טראכט: אן אנדער אויג ווי זיינס האָט דער מנורהס אָרט באקוקט.

אויף זיינס א ווינק האָט דער קנעכט צוריק פארשאָטן דאָס
קבר. און ווי נאָר די ארבעט איז געווען פארענדיקט און די ערד
ווידער אויסגעגלייכט איבערן צוגעדעקטן קבר, האָט בנימין בא־
פוילן דעם קנעכט אהיימצוקערן און מיטצונעמען מיט זיך דאָס
מוילאייזל. דער שטומער האָט געמאכט פארצווייפלטע צייכנס מיט
די הענט. זיי האָבן געזאָלט באדייטן, אז דער אלטער מאן טאָר
נישט דאָ אליין איבערבלייבן אין דער פרעמד און אין דער פינס־
טערניש, עס דראָט אים א סכנה פון גזלנים און ווילדע חיות. ער
האָט לפחות געוואָלט בנימינען באגלייטן ביז דער נאָענטסטער
אכסניה און דאָס מוילאייזל קען ער באנוצן צום רייטן. אָבער אנט־
שלאָסן און אומגעדולדיק האָט דער זקן באפוילן דעם שטומען געני
צו טון, ווי ער הייסט אים. און אָנבייזערנדיק זיך איז אוועקגע־
טריבן. ער האָט אומגעדולדיק געוואָרט, ביז דער מאן און די חיה
זענען ענדלעך פארשוווּנדן געוואָרן הינטער דעם אויסבויג פון וועג
און ער איז געבליבן אליין אונטער דעם אומענדלעך ליידיקן הימל
און אינמיטן דעם אומבאגרייפלעכן פון דער ריזיקער נאכט.

ער איז נאָכאמאָל צוגעגאנגען צום קבר און מיט א געבויגע־

נעם קאָפּ געזאָגט קדיש. „גרוים און הייליק איז דער נאָמען פונם איבערשטן אויף דער וועלט און אין די אנדערע וועלטן און אויך אין די טעג פון תחית המתים". ער האָט אפילו חשק געהאַט ארויפ־צולייגן, ווי עס איז דער מנהג, א שטיין אָדער עפּעס א סמן אויף דער אָנגעשיטער ערד. אָבער ער האָט גובר געווען זיין באַגער צוליבן סוד און איז, נישט אומקוקנדיק זיך מער, אוועקגעגאַנגען ווייטער אין דער פוסטקייט אריין. ער האָט נישט געוווּסט וווּהין. ער האָט שוין נישט געהאַט מער קיין ציל. זינט ער האָט די מנורה געבראַכט צו איר רו, ער איז פריי געוואָרן פון אלע דאגות און זיין נשמה האָט זיך מער נישט געקווּעלט. ער האָט געטון, וואָס אויף אים איז מוטל געווען צו טון. אצינד איז ביי גאָט אין האַנט, צי די מנורה זאָל בלייבן פאַרבאָרגן ביזן סוף פון די טעג און דאָס פאָלק ווייטער צעשפּרייט איבער דער וועלט, אָדער ער וועט ענד־לעך אהיימרופן דאָס פאָלק און לאָזן אויפשטיין די מנורה פון דעם הייליקן קבר.

דער אלטער מאַן איז געגאַנגען דורך דער נאַכט. וואָס האָט זיך געשפּילט מיט די וואָלקנס און האַלב שוין ווידער געגלאַנצט מיט שטערן, וואָס אמאָל פריילעכער און פריילעכער איז אים גע־וואָרן מיט יעדן טריט. ווי דורך א כשוף איז פון אים אראָפּגעפאַלן דער עול און די משא פון די פיל דורכגעלעבטע יאָרן און א לייכט־קייט, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געקענט, איז אים אריין אין אלע גלידער. ווי מיט ווייכן און ווארעמען אייל אָפּגעפרישט, זענען אים פּלוצלינג געהאָרכזאַם געוואָרן די אלטע, זקנישע געלענקען, ווי איבער וואַסער האָט ער זיך געטראָגן, לייכט און פריי, א שוועבן איז פאַר אים געוואָרן דאָס גיין. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, גלייך און הויך, די אלטע האַנט האָט זיך געהויבן ארויף, ווי צע־ווינגס פון אן אומפילבאַרן ווינט, און אָט האָט זיך אים געדאַכט —

אָדער אפשר האָט ער דאָס געחלומט וואכערהייט — ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל ווידער געקאָנט אויפהויבן און באוועגן אויך די צעקלאפטע האנט. וואָס אמאָל שארפער און שארפער האָט ער גע־פילט אין זיך דאָס בלוט אויפשטייגן, ווי יווירנדיקער זאפט אין א שטאם, שוין האָט עס אים געקלאפט אין די שלייפן און ער האָט מיטאמאָל דערהערט א גרוים געזאנג. ער האָט נישט געוווסט, צי דאָס זינגען די טויטע אונטער דער ערד אין א ברידערלעכן כאָר, אים, דעם אהיימגעקערטן, צו באגריסן, אָדער קומען די דאָזיקע ווארעמע קלאנגען אראָפּ פון די שטערן, וועלכע האָבן וואָס אמאָל העלער געגלאנצט. ער האָט עס נישט געוווסט. ער איז בלויז גע־גאנגען און געגאנגען, ווי פון פליגלען געטראָגן, אלץ ווייטער און ווייטער אין דער רוישנדיקער נאכט אריין.

* *
*

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן סוחרים, וואָס זענען געפאָרן אויפן מארק קיין רמלה, געפונען אויף א פעלד נישט ווייט פון וועג אן אלטן מאן. ער איז געווען טויט. ער איז געלעגן אויפן רוקן, דעם קאָפּ אנטבלויזט. זיינע אָרעמס זענען געווען שטייף אויסגע־שטרעקט פאר זיך, ווי ער זאָל וועלן ארומנעמען עפּעס אומענד־לעכס, די האנטפלאכן זענען געווען אָפן, ווי ביי איינעם, וואָס האָט באקומען א גרויסע מתנה. העל זענען געשטאנען אָפן די אויגן, און ווען איינער פון די סוחרים האָט זיך אראָפּגעבויגן, כדי זיי ביים מת צו פארמאכן, האָט ער דערזעען, אז זיי זענען געווען פול מיט ליכט און אין זייערע רונדע רוענדיקע שווארצאפּלען האָט דער גאנצער הימל זיך אָפּגעשפּיגלט.

שטערנג אָבער זענען דעם פרעמדנס ליפּן אונטער דער באָרד

געזוען פארשלאָסן: עס האָט זיך געדאכט, ווי ער וואָלט נאָך טוי־
סערהייט פעסט געהאלטן צווישן די ציין א סוד.

* *
*

אויך די נישט עכטע מנורה איז מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער
געבראכט געוואָרן אין הייליקן לאנד און לויטן קיסרס באפעל
אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער קירכע אין ירושלים אונטער דעם
אלטאר. אָבער נישט לאנג איז זי דאָרט פארבליבן. מחמת די
פערסער זענען אָנגעפאלן און האָבן זי צעקלאפּט און צעשטיקלט,
כדי דערפון בראָשקעס צו מאכן פאר זייערע פרויען און א קיט
פאר זייער קעניג: פונקט ווי יעדעס מענטשלעכע ווערק פארגייט
דורך דער פארניכטנדיקער צייט און דורכן צעשטערערישן חוש
פונם מענטש, אזוי איז אויך פארגאנגען דאָס ווערק, וואָס יענער
גאָלדשמיד האָט נאָכאמענדיק געשאפן, און עס איז נישט געבליבן
דערפון קיין שפור.

געשיצט אָבער דורך א סוד ווארט און וואכט נאָך אלץ די
אייביקע מנורה אין איר קבר. פעלקער נאָך פעלקער האָבן גע־
קעמפט צוליב דער ערד, אין וועלכער זי רוט. דורות נאָך דורות
האָבן געוואנדערט און מלחמות געפירט אויף דער אויבערפלאך
פון איר קבר. אָפט, גאָר אָפט, זינט יענער צייט פלעגן די זין פון
איר אייגן פאָלק פארבייגיין דורך דעם פארבאָרגענעם אָרט, אָבער
קיינער האָט נישט געאָנט, אז גאָר נאָענט פון זיי און בלויז עטלעכע
צאָל אין דער היימישער ערד רוט, ווי א סוד פון גאָט, די פון לאנג
שוין פאר פארלוירן געהאלטענע. און קיינער קען נישט זאָגן —
ווער ווייסט עס? — צי וועט זי ווייטער אזוי דרימלען און שלאָפן,

נישט דערקענט און אומבאקאנט און איר פֿאָלק װעט אויף הפקר מוזן װאנדערן פון גלות צו גלות, אָדער װעט זי נאָך אַמאָל אויפֿ־שטיין תחית המתים און פאר דער דערלייזטער אומה לויכטן אין טאָג פון איר אנטגילטיקער מנוחה.

